יעקב כהן (בן־אהרן)

# דער גורל פונעם דרך

ערב - חורבן - ראמאן

פארלאג י.ל. פרץ
ישראל
1960

J. KAHAN / DER GOIRL FUNEM JID

Publishing Hause J. L. Peretz
31, Allenby Str., Tel-Aviv, Israel

י. כהן * דער גורל פונעם ייד
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, רח׳ אלנבי 31

נדפס בישראל

*Printed in Israel* 1960





דפוס „אורלי״, רח׳ יסוד המעלה 27, תל־אביב, טל. 32062

# געהייליקט דעם אָנדענק פון:

| | |
|---|---|
| מיין פרוי | — חיה |
| קינדער | — אהרן־חיים |
| | — משה |
| | — אברהם |
| מוטער | — אַלטע טויבע־רויזע |
| ברודער | — יאָסל |
| שוועסטער | — הדס |
| | — יאכע |
| | — מרים און איר מאַן |
| שוואָגערס | — איטשע פריינד |
| שוואָגער און קוזין | — משה ליבער |
| חבר און קוזין | — אַרטשע דראָגאָטשינסקי |
| קוזינען און חברים | — ישראל און לייבל גאָלדשטיין |
| | — לייבל און הענעך ביאַלער |
| יוגנט־פריינד | — מלך ראָזמאַרין, פישמאַן |
| | — מנחם פינקעלשטיין |
| | — ישכר האָפער |
| הברטע | — חייקע אורמאַכער |
| פריינד און לערער | — משה שטיינמאַן |
| | — וואָלף נאַראוויטש |
| קאָלעגן | — משה לייזעראָוויטש |
| | — י. מ. געלענבערג |
| | — אהרן ברעזינסקי |
| | — משה און חיים וויסאָצקי |

וואָס זענען פאַרטיליקט געוואָרן דורך די דייטשן
אין די יאָרן ת״ש—תש״ה
הי״ד

# אינהאַלט:

# אַ ר ײַ נ פֿ י ר

„דער גורל פֿונעם ייד" פּרעטענדירט נישט אַרומצונעמען דעם גאַנצן יידישן חורבן. איבערצוגעבן גאָר דעם גרויל פֿון די דייטשע בעסטיעס לגבי אונדזער פֿאָלק איז איבער די כוחות פֿון אַ שרייבער און קינסטלער, בפֿרט ווען דאָס איז בלויז אַן ערב-חורבן-ראָמאַן.

וואָס דער שרייבער האָט געוואָלט, איז: אויפֿן פֿאָן פֿון די שילדערונגען פֿונעם ערב-חורבן — הגם נאָך ווי אַ קינדער-שפּיל לגבי די ווייטערדיקע פּאָרקומענישן, — אַרויסצוהייבן נישט בלויז דעם יידישן פּיין, נאָר אויך די געדאַנקען און געפֿילן, גאָר די יידישע פּראָבלעמאַטיק, און דורך אַ קאָנפֿראָנטאַציע מיטן געשעענעם — פֿאַרהאַרטעווען דעם ייד אין זיין קיום-געראַנגל און די דערפֿאַרונג איבערגעבן די ווייטערדיקע דורות.

**י ע ק ב כ ה ן**

## קאַפּיטל איינס

# די שנאה צום ייד

ווי אַ צעשטורעמטער טייך, וואָס פליצט אַרויס פונעם אייגענעם געלעגער, פאַרגיסנדיק מיט זיין צעשוימטער בייזקייט דעם גאַנצן אַרום, אַזוי האָט זיך פונעם לאַנד ביים ריין צעגאָסן און ווי אַ לאַווינע זיך פאַר־שפרייט איבער גאָר דער וועלט די שנאה צום ייד.

אינעם נעסט פון פרייסישן יונקערטום, ווו די דאָזיקע שנאה האָט שוין פון לאַנג זיך געדייעט און גענערט, איז זי אַצינד אַ צעבושעוועטע צעטראָגן איבער די כוואַליעס פונעם דייטשן עטער, ווי אַ גרויזאַמע בשורה אויפגעגאַנגען און זיך צעשפרייט איבער גאָר דעם ערד־קיילעך.

אינעם הויפּט־שטאַב פון אויפגעקומענעם עסטרייכער, ווו ס'איז געוואָרן צוגעגרייט די דעראָבערונג פון דער וועלט, איז אויך געוואָרן צוגע־גרייט די פאַרניכטונג פונעם אייביקן פאָלק.

האָבן זיך ווי די דינסטע אומגעזעענע פעדים געצויגן די נערוון פון די יידן פון גאָר דער וועלט, און ווי שאַרף געשפּאַנטע בויגנס זיך געווענדט צום טייוולס לאַנד...

און אין היטלער־לאַנד, ווו ס'איז שוין געווען גרייט די דייטשע גע־פּאַנצערטע פויסט, איז זי אַן אויסגעקאָוועטע דורך די „קרופּס", וועלכע האָבן אין זייערע טויט־פאַבריקן אַרויסגעוואָרפן די שטאָלענע קאָלאָסן ווי מען וואַרפט אַרויס צוקערלעך אויפן מאַרק, געוואָרן אין איילעניש געשיקט צום לאַנד פון דער ווייסל.

נאָר דאָס ווייסל־לאַנד איז געלעגן אַ פאַרלוירענע, דאָס לאַנד, וואָס האָט אַזוי ערנסט גענומען די דייטשע פריינדשאַפט, האָט דער פלוצמדיקער קלאַפּ פונעם פאַלשן פעלדפעבל אינגאַנצן צעמישט.

און אַ צעחושטע, אַ מאַכטלאָזע איז געווען די פוילישע אַרמיי. ווייל אַנשטאָט שטאָל קעגן שטאָל, בליי קעגן בליי, האָט זי זיך געגרייט אַנטקעגנ־

צושטעלן די דייטשע געפּאַנצערטע האָרדעס מיט די בילדער פון דער שלאַכט ביי גרונוואַלד.

די גרונוואַלד־סימבאָלן האָבן ווי הייליקע קמיעות אַראָפּגעשיינט פון אַלע פּוילישע זשורנאַלן. זיי האָבן געדאַרפט זיין די גרויסע „סטראַשידלע״ קעגן די אָנלויפנדיקע דייטשע דיוויזיעס און שטאָלענע פייגל.

דאָס האָט פאַר זיי געזאָלט זיין, ווי דער אָרון פון די אַלטע בני־ישראל, די שוץ־מויער קעגן די מעכטיקע דייטשע שטורעם־בריגאַדעס. נאָר גרונוואַלד אליין האָט דעם מעכטיקן פון קאָפּ ביז די פיס באוואָפנטן שונא נישט געקאָנט איינהאַלטן. עס האָבן נישט געהאָלפן די פּאַטריאָטישע דע־מאָנסטראַציעס אין די טונקעלע נעכט און דאָס אויף אַ ווייל ברודערן זיך מיט די יידישע מיטבירגער אין אָנבליק פון דער סכנה.

אויך נישט די העלדישקייט פון וועסטערפּלאַטע און דער אומקום פון דער פּוילישער קאַוואַלעריע אין די מאַזאָווישער וועלדער. פּאַראַט און צע־פּוילעניש, גאווה און טעמפּע שנאה, — האָט צעשטערט די יסודות פון דער פּוילישער מלוכה. און דער גורל פון פּוילן איז געוואָרן געחתמעט.

*

די גרויסע באַלעבטע שטאָט, וואָס האָט שטענדיק געקאָכט ווי אין אַ קעסל און גערוישט ווי דער רויש פון אירע פאַבריקן, איז אַצינד געלעגן אַ פאַרחלשטע, אַ פאַרשמאַכטע, אָן שום סימן פון לעבן.

די הייזער פאַרהאַקט מיט פאַרשטעלטע לאָדנס; די גאַסן־ליכטער אויסגעלאָשן ווי אויסגעלאָשענע אויגן; די שויפענצטער פאַרשטעלט און די אַריינגענג פאַרהאָנגען מיט גראָבע קאָלדרעס, זיי זאָלן דאָס האַלב־טונקעלע ליכט פון אינעווייניק אויך נישט אַדורכלאָזן. די איינוווינער זענען אין די אָוונטן נישט געגאַנגען, נאָר ווי גנבים גיך און שטיל זיך אַדורכגעשלייכט דורך די פינצטערע גאַסן. נאָר די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן ווי פאַרטאַ־יעטע־רויב־פייגל, וואָס לויערן אויף זייער קרבן, מיט בלוטיקער גיריקייט געטשאַטשעוועט נאָך פאַרניכטונג און צעשטערונג.

ווי סטאַיעס ווילדע קראָען זענען זיי אָנגעפלויגן אין די צענדליקער אין מיטן העלן טאָג, און האָבן פריי אַרומגעקרייזט איבער די שטאָטישע הימלען.

אָפן און אומבאַשיצט איז די שטאָט געווען קעגן די דייטשע באָמ־באַרדירערס. קיין ביקס, קיין זעניט־האַרמאַט האָט זיך נישט אויפגעהויבן

קעגן זיי. ווי חוזק איז געווען דאָס אלארמירן קעגן זיי און דאָס אַריינטרייבן די איינוווינער אין די הייף. ווי די אומבאַשיצטע הייף וואָלטן געווען אַ סגולה קעגן די כסדרדיקע דונער־אויפרייסן.

האָט די ערד געציטערט פון די כסדרדיקע דונערן, און די דייטשן האָבן פראנק און פריי געזייט טויט און פאַרניכטונג נאָך איידער זיי זענען אַריין אין שטאָט.

*

לייבעלע מרגליות איז פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס זיצן אין שטוב. ער האָט שוין אַלץ געהאט אָפּגעטאָן. פאַר די לעצטע זלאָטעס האָט ער שוין געהאַט איינגעקויפט וואָס נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. ער האָט געוואָלט צו־גרייטן וואָס מער שפּייז, און אויך פּטור ווערן פון די פּוילישע זלאָטעס.

די פּויערים האָבן שוין פאַר געלט נישט געוואָלט פאַרקויפן, נאָר אַלץ אומבייטן אויף פאַר זיי נייטיקע פּראָדוקטן און זאַכן. אָן פּראָפּאַגאַנדע און איבערקערענישן האָט זיך אויף אַ צייט אומגעקערט די אוראַלטע פּרי־מיטיווע טויש־ווירטשאַפט. דער פּויער, דער בעסטער מבין פון וועטער און קלימאַט, האָט אויך אַצינד מיט אַן אינסטינקטיווער מבינות אַרויסגעשפּירט די ענדערונג פונעם קלימאַט.

לייבעלע האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט. עפּעס אַן אומ־באַקאַנטער אומרו האָט אים געשטויסן און געטראָגן אַרויסצוגיין אין דרויסן. ווי אַ מילגרוים מיט קערנער, איז ער געווען פול מיט וויסטע זעונגען איבערן גורל פון זיינע ברידער.

אינעם שטילן, שלווהדיקן ים פון בטחון און גלויבן פון זיין פאָלק, איז ער געווען דאָס איינציקע אינדזעלע, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט אַ שעפערישן פּעסימיזם. פאַראַנען צייטן, ווען נישט נאָר די לאַגע פון לאחר־יאוש איז אַ געזונט־מאַכנדיקע דערשיינונג, ווייל זי פאַרטרייבט דעם נאָגנ־דיקן וואָרעם פונעם האַרץ און ווישט אָפּ דעם עסנדיקן זשאַווער פון באַ־טריבטן געמיט, נאָר די סאַמע פאַרצווייפלונג אַליין, ווען מען כאַפּט איר אָן ווי אַן אָקס ביי די הערנער, מען אַקטיוויזירט איר און מען ברעכט איר איבער אין איר קריטישסטן פונקט, — קאָן זי דאן ווערן א רעטונג און א ברכה אַנשטאָט אַ קללה און אַן אומגליק.

אָבער וואָס זאָל ער טאָן ? גיין רעדן צו יידן און זיי זאָגן פּראָסט און פּשוט : — יידן, אַנטלויפט פון דאַנען. ראַטעוועט זיך כל זמן ס'איז נאָך צייט.

וועלן זיי דען אים הערן? אים, אַן איינפאַכן ייד, נאָר אַ שטענדיק אומרויקן, וואָס באַנעמט די לאַגע נאָר דורך דער איינציקער פּריזמע פון די אינטע־רעסן פון אַ לעבעדיק פאָלק? און צי קאָן מען אַזוי איינפאַך רעדן צו יידן אָן באַווייזן און אויפקלערונגען, צו יידן, וואָס פאַרטויבן זייער געשיכטע־זכרון מיטן פאַרשיכורנדיקן אָפּיום פון אַן אויסגעטרוימטער וועלט פון מיראַזש און פאַנטאַזיע, שווימענדיק אַזוי אָפּט אין די וואַסערן פון טרוים און פאַנ־טאַסטיק־וויזיעס?... און פאָרט מוז ער טאָן וואָס ער קאָן. ער מוז אויך כאָטש שטילן און באַרויקן זיין אייגן געוויסן.

ער האָט זיך אַדורכגעשלייכט איבער די גאַסן. ער איז געגאַנגען האַרט ביי די ווענט און זיך צו זיי געטוליעט ווי אַ קינד טוליעט זיך צו דער מוטערס ברוסט.

פאַרזונקען אין זיינע מחשבות, האָט ער נישט געהערט דאָס פייפן פון די סירענעס. ביז ווי אַ מעכטיקער דונער האָט אָפּגעהילכט די דעטאָ־נאַציע פון אַ דייטשער באָמבע, וואָס איז געפאַלן נישט ווייט פון אים. די באָמבע האָט אַ פּלאַצנדיקע ווי אַ באַלאָן זיך צעריסן און ווי אַ ריזיקע גלע־זערנע קויל, וואָס צעשפּריצט ביים צעברעכן זיך אירע גלאָז־שטיקער, האָט זי אויפרייסנדיק זיך, צעשפּריצט און צעוואָרפן אירע מעטאַל־שפּליטער אויף אַלע זייטן.

דער באָמבע־געקנאַל און אַ פאַלנדיקער שפּליטער נאָענט צו זיינע פיס האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין געדאַנקען־דרימל. ער איז שוין נישט געווען ווייט פון מאַנדעלבוימס קאַפעהויז, און ער האָט אַצינד אַ ציטערנ־דיקער אויפן גאַנצן קערפּער אַהין אַוועקגעאיילט.

ביי מאַנדעלבוימען אין קאַפע אויף דער הויפּט־גאַס פון שטאָט זענען געזעסן די שטאַם־געסט און געשמועסט איבער די לעצטע געשעענישן. מאַנ־דעלבוים אַליין איז דאָס מאָל דווקא געווען צופרידן צו פאַרברענגען מיט זיי. אין דער דאָזיקער צייט איז אים געווען פיל אָנגענעמער צו זיין מיט נאָך יידן.

כאָטש מאַנדלבוים, וואָס האָט געהאַט אַ נישט קליינע פאַמיליע, איז גאָרנישט געווען אַזוי איינזאַם, האָט ער פונדעסטוועגן פאָרט געפילט זיך בעסער מיט זיי אינעם דאָזיקן ערנסטן מאָמענט. איבעריקנס, האָט ער נישט וואָס אָנצוווערן. די געסט האָבן אַצינד סיוזוי אויפגעהערט קומען. יעדער איינער האָט היינט מורא צופיל צו דרייען זיך איבער די נישט־באַלויכטענע

גאַסן. מ׳איז אויסגעשטעלט אויף דער סכנה פון אַ דייטשער באָמבע און פון סתם אַן אָנפאַל אין דער פינצטער.

אָבער דער עיקר איז ער געווען צופרידן, וואָס צווישן זיי געפינט זיך לייבעלע מרגליות. ער אַליין איז אפילו נישט קיין עם־הארץ. ער קען אַ שטיקל חומש מיט נ״ך, לייענט אַ צייטונג און איז אויך מעיין אין אַ וויסנ־שאַפטלעך בוך. נאָר צו לייבעלען קאָן ער פאָרט זיך נישט גלייכן.

אַלע שמועסן, זאָגן ארויס זייער מיינונג, נאָר דער דאַרער לייבעלע מיט דער פאַרשפּיצטער נאָז און גליענדיקע אויגן, וואָס שפּריצן מיט פייער ווי דימענטן מיט ליכט־שטראַלן, דאָס דאָזיקע באַחנטע קוועקזילבערל, אַז ער זאָגט עפּעס אַרויס, איז עס גאָר אינטערעסאַנטער. ווי אַ קלאָרער קריש־טאָל איז קלאָר זיין געדאַנק. און שאַרף און שניידיק איז ער, ווי דער שאַרף פון אַ חלף. און מעג מען אפילו נישט מסכים זיין מיט אים, איז אָבער דעם אופן פון זיין אַרויסזאָגן כדאי צו הערן. ער, מאַנדלבוים, האָט פיינט דאָס איבערגעחזרטע און באַנאַלע. ווי דאָס זעלבע עסן ווערט אים צוגעגעסן, אַזוי ווערט אים אויך צוגעגעסן איבערגעקייעטע געדאַנקען.

די טיר פון קאַפע האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַריין דער רעווירא־ווער אָנזאָגן, מען זאָל מער פאַרהענגען די פענצטער מיט דער טיר און טונקעלער מאַכן דאָס ליכט. אָפּזאָגנדיק דאָס, איז ער מיט דרך־ארץ גלייך אַרויס.

— איר זעט דעם „דזשענטלמאַן״ ווי שטיל ער איז אַריין און אַרויס? און די דאָזיקע פּיאַווקע האָט כסדר געזאָגט פון מיר דאָס בלוט. ער האָט מיך געקאָסט שיין חודש־געלט, — האָט איבערגעריסן די שטילקייט מאַנדל־בוים.

— פונדעסטוועגן איז שוין גלייכער, אַז דער גראָבער מאַקסימטשוק זאָל ווייטער הערשן איבערן „רעוויר״, איידער אים זאָל פאַרבייטן אַ גראָב־בייכיקער עס־עס־מאַן, — האָט זיך מרגליות אַריינגעמישט.

— „שתי כפרות ביום אחד״, — האָט פון אונטער זיינע ברילן אָפּירקוקנדיק, אַריינגעוואָרפן דער פאַרשוויצטער אורקע ריכטער, אַ ייד אין די פופציקער מיט אַ סך מיחושן.

— ניין, ס׳איז נישט אַזוי, — האָט אויף דעם מרגליות געענטפערט.

— פון צוויי שלעכטס קלויבט מען אויס דאָס קלענערע. די אַלטע צרה קענען מיר שוין. מיר ווייסן ווי זי אַרומצוגיין. — די פּאָליאַקן זענען טאַקע אויך

נישט אונדזערע גוטע פריינד. בפרט האָט זיך זייער האַס צו אונדז פאַר־שטאַרקט צוליב דעם ימח־שמוניק. אָבער זיי טראָגן פאָרט פאַר אונדז אַ געוויסע אחריות. זיי וועלן אונדז פּאָליטיש, עקאָנאָמיש פּייניקן. נאָר אַזוי לאַנג ווי מען לעבט, קאָן מען אויך יעדע פּיין איבערלעבן. אָבער דער דייטשער טייוול מיינט דאָך גאַנץ ערנסט מיט אונדז. נישט נאָר ער דרשנט, נאָר ער וועט טאַקע חלילה מקיים זיין די גאַנצע תורה פון „מיין קאַמף״. און עס וואָלט געווען אַ שרעקלעכער טעות, אויב די יידן זאָלן באַצייטנס נישט נעמען ערנסט זיינע רייד. איך האָב מורא, אַז ווען מיר וועלן זיך אומקוקן, וועט שוין זיין צו שפּעט.

— וואָס מיינסטו פּאַניק־מאַכער מיטן נעמען ערנסט, — איז אים נח אייזען אַריין אין די רייד. אַ מיטליאָריקער ייד מיט אָפּשטייענדיקע אויערן און מאַטן פּנים. — ווילסט מיר זאָלן פונדאַנען אַנטלויפן, מאַכן ויברח? ניין! דאָ זענען מיר געבוירן און דאָ וועלן מיר פאַרלוירן גיין. דער טייוול איז נישט אַזוי שוואַרץ ווי מען מאָלט אים. ער וועט אונדז נישט אויפעסן לעבעדיקערהייט. וואָס קאָן שוין זיין ערגער ווי די פּאָליאַקן?

— עס קאָן יאָ זיין ערגער, נח, — האָט מרגליות צוריקגעוויזן. — ווי צו גוטס האָט נישט קיין גרענעץ, אַזוי האָט אויך צו שלעכטס קיין שיעור נישט.

ווער וועט אים אָפּהאַלטן פון אַדורכפירן זיין גאַנצן פּראָגראַם איבער אונדז? אויב פאַר פּוילן, וואָס איז געבונדן מיט פריינדשאַפט־אָפּמאַכן מיט די גרויס־מאַכטן, נעמט זיך קיינער נישט אָן, טאָ ווער וועט זיך פאַר די אָרעמע יידן אָננעמען? אפשר דאָס ביבל־פאָלק, וואָס קעמפט אַזוי פאַרביסן קעגן יעדן זיך ראַטעווענדיקן ייד אינעם אייגענעם לאַנד? וואָלטן מיר אַלייך געווען אָרגאַניזירט, וואָלטן מיר נאָך געקאָנט עפּעס מציל זיין.

אָבער ווי נאָר היטלער איז אָנגעפאַלן אויף פּוילן, פילסטו נישט קיין שום פלאַנירטע רעטונגס־האַנט. קיין שום ממשותדיקע זאָרג פאַרן מאָרגן, — פונעם ישוב אַליין. ווי אַלץ וואָלט געווען אַזוי נאָרמאַל, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. אָט דאָס אַליין, אונדזער אייגענע פּאַסיווקייט, איז שוין דעם טייוולס גרעסטער נצחון.

— ער איז גערעכט, לייבל, — האָט זיך אַריינגעמישט דער „קופּער־נער שטערן״, יונה גרינשטיין. — מען דאַרף גיין מיטן אונטערערד, צוזאַמען מיט אַלע קעמפערישע עלעמענטן, געמיינזאַם וועלן מיר באַקעמפן דעם

פּאַשיזם. נאָר דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד קאָן אונדז ראַטעווען. ער וועט אויס־לייזן די וועלט פון דער פאַשיסטישער פעסט און צוזאַמען מיט דער איבע־ריקער וועלט וועלן אויך מיר באַפרייט און אויסגעלייזט ווערן.

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט אייזען אַרויסגעפּלאַצט און זיך צעלאַכט. דער ראַטנפארבאנד וועט אונדז באַפרייען פון די דייטשן. אומפארשעמטע צבועקעס וואָס איר זענט. ער אליין האָט דאָך געשלאָסן אַ פריינדשאַפט־אָפּמאַך מיטן טייוול. זיי צעטיילן זיך דאָך בײדע מיט פּוילן. און פון בײדע זייטן ווערט די פּוילישע אַרמיי אַריינגענומען ווי אין אַ קלעם. איך האָב שוין פון לאַנג געזאָגט, אַז דער קאָמוניזם מיטן פאשיזם קאָנען זיך גיכער געבן די הענט. ווי דער קאָמוניזם מיטן סאָציאַליזם.

מאַנדלבוים האָט זיך דערשראָקן פאַר גרינשטיינס אויספירונגען. ער האָט זיך דערמאָנט: אַז „עופות השמים יוליכו את הקול", מען קאָן נאָך דערטראָגן ווי מען דאַרף. — ער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ אָפן אַרויסזאָגן. כאָטש אַלע ווייסן, אַז די טעג פון פּוילן זענען געציילטע, צוויי דריטל פּוילן איז שוין פאַרנומען פון די בעסטיעס און די פּוילישע אַרמיי צעלויפט זיך פון פראָנט ווי מייז פון אַ טרינקענדיקער שיף, קאָנען זיי נאָך אָבער אויך אין די לעצטע מינוטן אָפּטאָן דאָס ערגסטע.

ער וואָלט אים גערן אַרויסגעבעטן פון קאַפעהויז, כאָטש ער איז אַ שטענדיקער גאַסט, האָט ער אָבער מורא: ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען. עפּעס שמועסט מען, אַז די דייטשן אײלן זיך נישט צו פאַרנעמען די שטאָט, הגם זיי האָבן שוין די גאַנצע פּראָווינץ כמעט פאַרנומען, ווייל זיי וועלן איר דאַרפן צוריקגעבן די סאָוויעטן.

זיי האָבן צווישן זיך אַזאַ אָפּמאַך. אַז שותפות איז דאָך נישט שייך. — טראָפּנס שוויס ווי זילבער־קייקעלעך האָבן זיך אים באַוויזן אויפן שטערן. דענערווירט, האָט מאַנדלבוים באַהאַלטנדיק זיין שרעק, מיט געמאַכטער ווייכקייט אָנגעהויבן:

— יידן, צו וואָס אַריינמישן אַנדערע, לאָמיר רעדן נאָר פון אונדזע־רע אייגענע זאַכן.

גרינשטיין האָט זיך אויפגעקאָכט פון אייזנס אַרויסזאָגן און פון מאַנ־דלבוימס אַריינמישן זיך. אַ יונגער פאַנאַטיקער מיט פייער אין די אויגן, וואָס האָט אַרויסגעזעצט פון זיינע פאַרשמעלטע אויגן־אויסשניטן, ווי ביי אַן אָנגעצונדענעם יונגן כינעזער, האָט ער פון צעטומלעניש נישט געקאָנט

געפינען די געהעריקע אַרגומענטן. נאָר ווי פון זיך אַליין האָט זיך פון זיין מויל אַרויסגעריסן:

— וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַר די סאָוויעטן, העד מאַנדלבוים? עס וועט אייך סייווי גאָרנישט העלפן. דער מאָרגן געהער צו זיי. נאָר זיי קאָנען אונדז אויסלייזן פון די דייטשן. די סאָוויעטישע אַרמיי איז מעכטיק. און זי וועט אַלע באַזיגן.

— יאָ, די סאָוויעטן וועלן אונדז אויסלייזן, אָבער אויך אויפלייזן. — זיי וועלן אונדז אפשר מציל זיין פון אַ גיכן דייטשן טויט, זיי וועלן אונדז אָבער אַריינוואַרפן אין אַ פּאמעלעכן נאַציאָנאַלן אויסגיין, דורך אַ מיתה נשיקה אינעם נאָמען פון רעוואָלוציאָנערן מאָרגן, וואָס אויב ער וועט קו־מען, וועט ער אנדערש נישט זיין ווי אַ נייער סאָרט אימפּעריאַליזם, נאָר אין אַנטי־מענטשלעכן געשטאַלט.

— און אין דער אמתן, — האָט מרגליות פאַרגעזעצט, — וואָלטן אונדז אַלע וועלן איינשלינגען. איינער מאַכט עס גאָר באַרבאַריש, ברוטאַל, ער וואַרפט זיך גלייך אויף אונדזער גוף, דער אַנדערער, איידעלער, אויף אונדזער גייסט, אינעם נאָמען פון עפּעס אַן אידעאַל. דער לעצטער רעזולטאַט אָבער איז איינער און דער זעלבער.

דער חילוק איז נאָר, וואָס דער, וואָס וואַרפט זיך אויף אונדזער גוף, גיט נישט קיין שום מעגלעכקייט צו אַנטרינען, נישט דעם יחיד און נישט דעם רבים. דער צווייטער, — ווייל זיין פּראָצעס איז אַ לענגערער און דעם גייסט איז שווערער צו פאַרניכטן ווי דעם גוף, קאָן דאָס פאָלק, ווען עס בלייבט נאָר לעבן, די דאָזיקע צרה איבערלעבן. איז דעריבער דאָס צווייטע שלעכטס פאָרט אַ קלענערס. און ווען מען האָט נישט קיין ברירה, דאַרף מען אויסקלויבן דאָס צווייטע. הגם אויך מיט איר דאַרף מען זיך ראַנגלען.

— הייסט עס, אַז דו אַגיטירסט פאָרט צו לויפן קיין רוסלאַנד, — האָט אייזען ווי פון אַ דרימל זיך אויפגעכאַפּט און ווי אַ לייב קעגן זיין קרבן אויפגעשפּרונגען. — איך האָב געזאָגט. אַז די ציוניסטן מיט די קאָמוניסטן וועלן זיך נאָך געבן די הענט.

— איך רעד דאָ נישט ווי קיין ציוניסט. הגם אַ ריכטיקער ציוניזם איז דער איינציקער אויסוועג פון דער לאַגע. דאָס, וואָס איך זאָג אָבער ווערט דיקטירט פון אַ ריין לאָגישער באַטראַכטונג, פון שטאַנדפּונקט צו ראַטעווען

דעם יידישן גוף מיט דער יידישער נשמה. ס׳איז אַ לאָגיק פון צוויי מאָל צוויי איז פיר. און איך הייס נישט דווקא אַנטלויפן קיין רוסלאַנד.

דאָס, וואָס איך אונטערשטרייך אָבער איז: קודם כל זיך ראַטעווען, אַנטלויפן באַצייטנס. נאָר אויב ס׳איז נישטאָ קיין ברירה, איז אויך רוסלאַנד אַ מקום מקלט. דער גורל פונעם ייד איז אַ שווערער נאָך פון זיין געבוירן. עס איז אַ זאַך, וואָס גייט איבער פון דור צו דור. — נאָר אַצינד, מיטן היט־לעריסטישן פאָרויסמאַרש, איז אונדזער גורל גאָר אַ טראַגישער, מיר גע־פינען זיך צווישן האַמער און קאָוואַדלע. דעם טייוולס האַמער איז אויפגע־הויבן איבער אונדזער קאָפּ. און נאָר אַ מעכטיקערער כוח פון אים וועט פון אים דעם האַמער אַרויסשלאָגן. איך גלויב אָבער, אז אזא כוח וועט קומען און וועט די בעסטיע אַליין צעשמעטערן, ווייל „נצח ישראל לא ישקר״. נאָר ביז דאַן, קאָן דער שניט זיין געװאָגע גרויס.

קאַפּיטל צוויי

## אויפן וועג אַ היים

די געסט זענען זיך צעגאַנגען. אויפן וועג האָט לייבעלע אָנגעטראָפן אַ יונגטלעכע פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציע. געאָרעמט אין געשלאָסענע רייען זענען געגאַנגען יידן מיט קריסטן און האָבן געוואָרפן קעמפערישע לאָזונגען קעגן די דייטשן. די געשרייען און אויסרופן זענען אַריין אין פינצטערן חלל און זענען ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. די דעמאָנסטראַציע איז צוגעקומען צום ראָטהויז, און פון דער הייך פון „פּאָזשאַרנעם" טורעם האָט עמיצער ווי אַ רואה ואינו נראה אַראָפּגערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם.

נאָך דער רעדע האָט ער גענומען לייענען טעלעגראַמעס. איינע האָט דערציילט, אַז אַ גרויסע הילף פון די פאַרבינדעטע, אין דעם דריי הונדערט ראַקעטן־עראָפּלאַנען, איז אין וועג.

אַ שטורעם פון באַגייסטערונג ווי אַ פּלוצים־צעשטורעמטער טייך איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן. די מאַסע, אַן עקזאַלטירטע און אָנגעצונדענע, האָט זיך נאָך מער צעשריגן און געביילט די פויסטן קעגן אומגעזעענעם שונא אין דער לײדיקער נאַכט אַריין. נאָכן אויסשרייען אַ פּאָר מאָל: „זאָל לעבן ענגלאַנד!", „גרונוואַלד, גרונוואַלד", האָט זיך די דעמאָנסטראַציע מיטן געזאַנג: „פּוילן איז נאָך נישט פאַרלוירן, ווי לאַנג מיר לעבן", אויפגעלייזט.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. קיין איין שטערן אויפן הימל־געוועלב האָט מען נישט געזען. ווי מיט אַ שוואַרצן פאָרהאַנג איז די ערד געווען איבערגעצויגן. און אין דער דאָזיקער אַרומיקער חשכות האָט הימל און ערד ווי אַ שלאַנג צונויפגעוויקלענדיק זיך, אין איין שוואַרצן סוד זיך צונויפגעגאָסן...

לייבעלע איז אויף א ווייל געוואָרן אויפגעהייטערט. ווי א שווערער נעפל, האָט זיך פּלוצים די שווערע שטימונג פון אים אָפּגעטאָן. די ערנסטע און סומנע געדאַנקען פון זיין אָנגעשטרענגטן מוח זענען מיט איין מאָל אין אים פאַרשוואונדן, צערונען. און אויף זייער אָרט האָט אויפגעטויכט דער גאַנצער קאָמיזם פון דעם נאַר וואָס געזעענעם און געהערטן. ער האָט שיער נישט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ ווילד געלעכטער אין דער נאַכט אַריין. — „גרונוואַלד, גרונוואַלד, דריי הונדערט ראַקעטן־עראָפּלאַנען", האָט אים דאָס געלעכטער געשטיקט און נישט אָפּגעלאָזט.

נישט איבער פוילן האָט זיך אים געוואָלט לאַכן. ער איז אין דעם לאַנד געבוירן. דאָ איז געשטאַנען זיין וויגעלע, און דאָ זענען געבוירן זיינע אבות־אבותיו. אין דעם לאַנד האָבן זיינע לונגען איינגעזויגן דעם ריח פון אירע פעלדער און דעם אַראָמאַט פון אירע פּערפומירטע אַקאַציעס און סאָסנע־וועלדער.

און ער האָט צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן ישוב, וואָס האָט זינט הונ־דערטער יאָרן דאָ אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן, געטריי געדינט דעם היימלאנד. נאָר לאַכן ווילט זיך אים איבער דער נאַיווקייט און תמימות פון די מאַסן, וועמען די יידן־פיינטלעכע פירער האָבן פאַרפירט.

ער האָט אָבער, צוויילנדיק די טריט אין דער דאָזיקער שפּעטער נאַכט־שעה, זיך באַהערשט, און ווי מען פאַרטרייבט אַ שד, האָט ער דאָס געלעכטער פון זיך פאַרטריבן. אין זיין מוח האָט זיך ווי אַ שלוזע פון אַ טייך, פון ערגעץ אַ טיר געעפנט און אַ קאַלטער שטראָם פון ערנסטקייט האָט צוריק פאַרגאָסן זיין גאַנץ וועזן.

*

די בני־בית האָבן צעשראָקענע אויף אים שוין געוואַרט. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס איבערצוטראַכטן. ס'איז זיי נישט איינגעפאַלן ער זאָל פאַרברענגען ביי מאַנדלבוימען.

זיין פרוי, רחל, אַן איינפאַכע און שטילע, איז געלעגן אויף דער פלושענער סאָפע מיט אין ערגעץ פאַרטראָגענע אויגן. פאַרכאַפּט פון איר צערייצטער, צעשראָקענער פאַנטאזיע איבערן גורל פון איר מאַן, האָט זי־ גענומען איבערטראַכטן דאָס גאַנצע צוזאַמענלעבן מיט אים. ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ זענען אויפגעשטאַנען אין איר זכרון בילדער און זעונגען

פון איר פופצן־יאָריקן צוזאַמענזיין מיט אים. אָט זעט זי זיך נאָר וואָס אַ כלה־מיידל, ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געווען. דער חתן קומט אָן און זיי טרעפן זיך פיל מאָל. נאָר שויןביים ערשטן צוזאַמענטרעף, געפעלט ער איר שטאַרק.

ער האָט זיך באַלד באַזעצט אין איר ווי א דיבוק, זיך באַזעצט און גענומען מיט שטורעם איר האַרץ. אַצינד, ווען זי טראַכט וועגן דעם, פאַר־דריסט עס איר טאַקע. הלואי וואָלט עס אַנדערש געווען. — נאָר גיי פרעג קשיות. אפילו אַן אייגן האַרץ קאָן מען קיין קשיות נישט פרעגן. די מייד־לעך, אירע אייגענע חברטעס, האָבן איר מקנא געווען, שטאַרק מקנא גע־ווען. ער איז אַ שיינער, אַ באַחנטער, און אַזאַ קענער, און ווי ער רעדט ? פערל שיטן זיך פון זיין מויל, האָבן זיי געזאָגט.

יאָ, דאָס אַלץ איז געווען אמת. נאָר צו איר אליין האָט עס שוין דעמאָלט קיין שייכות נישט געהאַט. — פאַר איר איז ער געווען אַ שטומער און אַ צוריקגעצויגענער. וואָלט זי פון פריער נישט געהערט פון אים זיינע רעדעס, און דאָס נאָך אין איר אייגענער שטאָט, וואָלט זי געמיינט, אַז ער קען קיין צוויי ווערטער נישט אַרויסרעדן, קיין צוויי נישט ציילן. האָט עס איר דערפאַר גאָך מער פאַרדראָסן. ס׳איז איר פשוט געווען אַ חרפה פאַר דער מאַמען און די געסט.

איינמאָל אפילו האָט ער, גייענדיק מיט איר שפּאַצירן, איר געלאָזט פאַלן. איר נישט אונטערגעהאַלטן אונטערן אָרעם, ווי ס׳פירט זיך. נאָך די תנאים האָט ער זיך, אמת, מער דערנענטערט צו איר. אָבער אויך די דאָזיקע זיינע באַנעמונג האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין. אמאָל איז ער געווען גאָר צודרינגלעך צו איר, גאָרנישט ווי פאַר א בחור פון אַ חסידישער און גוטער היים און אַמאָל גאָר צוריקגעצויגן און שעמעוודיק.

נאָר אַ פאַרטראַכטער איז ער שטענדיק געווען. האָט זיך עס באַ־צויגן צו איר, האָט ער זיך ווי אַ מאכטלאָזער שיכור געוואַקלט אין זיינע געפילן, אָדער ער האָט שוין געהאַט אָפּגעוואויגן זיין „פּראָ״ און „קאָנטראַ״ און געוווסט זיין קלאָרן חשבון ? ליבט ער זי סוף כל סוף, אָדער נישט ? דאָס האָט זי דעמאָלט נישט געקאָנט וויסן.

אמת, אפילו ווען זי וואָלט יאָ געוווסט, וואָלט זי אויך מיט אים נישט איבערגעריסן. אַזוי איז זי שוין געווען פון אים געפאַנגען.

נאָך דער חתונה איז איר שוויגער אַרומגעגאנגען פאַרזויערט. זי

האָט לייבעלען אַרויסגענאַרט פון שטוב און אָנהייבנדיק כלומרשט מיט זייטיקע זאַכן, אין אים פאַרשטעלט געגומען אריינטענהן: — „ווי שטעלט מען דאָס אַ חופּה ווען מען קאָן נישט אַדורכפירן קיין יידישע חתונה, אַ? אַז ס׳איז עפּעס געשען האָט מען דאָך געקאָנט אָפּלייגן די חתונה און נישט פירן זיך ווי ביי גויים?".

ער, לייבעלע, האָט זיך דעמאָלט געפילט ווי אַ פאַרלוירענער. ער האָט זי אויסגעהערט און האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט מאַכן קיין לייטיש געלעכטער. ער האָט געוואַרט, אַז די צייט אַליין זאָל לייזן דאָס רעטעניש. — אין דער אמתן, האָט ער אַליין אויך געטראָגן אין זיך אַ שטיק פאַרדראָס און אפשר אויך אַ שטילן פאַרדאַכט.

כאָטש ער איז נישט קיין פאַנאַטישער כניאָק, וואָלט ער פונדעסטוועגן אַליין אויך געווען צופרידן צו וויסן, אַז ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג... צניעות און כאַראַקטער־פעסטקייט קאָן גאָרנישט שאַטן אויך פאַר א פאָרגעשרי־טענעם מענטש. עס קומט צונויף אינעם וויטערדיקן צוזאַמענלעבן...

שפּעטער, ווען דער חשד איז ווי רויך צערונען, האָט ער איר גוט־מוטיק דאָס אַליין דערציילט. וואָלט זי צו זיין מאַמען קיין טענות נישט געהאַט. אויך איר אייגענע מאַמע וואָלט נישט געווען בעסער. בפרט, ווען איר שוויגער איז אַ פאַנאַטיש־פרומע פרוי. אָבער ער, לייבעלע, דער אינ־טעליגענט, איז דאָך אויך אַליין אַרומגעגאַנגען אָנגעכמורעט. און דאָס האָט איר שוין מער געאַרט. נישט זיין עצם־פאַרדראָס, פאַרקערט, פון דעם איז זי דווקא געווען צופרידן. ס׳איז אַ באַווייז, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט איר. ער טראַכט פון איר ווי פון זיין אייגנס. נאָר פאַרדראָסן האָט איר. פאַרוואָס רעדט ער אַליין נישט צו איר און פרעגט איר נישט, אַט אַזוי, ווי אַ ליבנדיקער מאַן צו אַ ליבנדיקער פרוי? זי וואָלט דאָך אים אַליין באַלד אַלץ אויפגעקלערט.

נאָך דער חתונה האָט ער איר אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן. ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע אָוונטן צו זיינע זיצונגען. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער קאָכער אין שטאָט.

איר מאַמע איז געוואָרן פאַרביטערט. זיי האָבן געלעבט צוזאַמען. האָט איר פאַרדראָסן קודם זיין פרייקייט. ער פלעגט, אויסער שבת און יום־

טוב, נישט דאַוועגען. זי האָט אים נישט געקאָנט פאַרשטיין. דאַכט זיך פון אַזאַ פרומער היים, א מענטש, וואָס קען דווקא די קליינע פינטעלעך, אויף אַלע גראָבע יונגען געזאָגט געוואָרן, און אזא אַפּיקורס?

שפּעטער, האָט איר מאַמע שוין גענומען זיך צוגעוווינען צו אים. פאָרט א לערנער און אַ קענער. ער איז טאַקע נישט אַפּגעהיט, אָבער ווי ער לערנט עס ווען עס קומט אַ יום־טוב, די שכינה רוט דעמאָלט אין איר שטוב.

ווי פּאַטינקע ציט זיך זיין זיס־האַרציק־טרויעריקער ניגון, און טרינקט איר אָן מיט אזא כישופדיקער זיסקייט, וואָס צעגייט זיך אין אַלע אירע אברים. זי פילט זיך דעמאָלט ווי אַ קליין מיידעלע ווען מען פאַר־וויגט עס מיט אַ זיס צויבער־מעשהלע, ביז זי ווערט פון אַזאַ שלווה באַ־הערשט און פון אַ זיסן שלאָף געפאַנגען. דערנאָך פאַרענטפערט ער אַליין זיין לערנען. ער לערנט נישט צוליב פרומקייט, זאָגט ער. ס׳איז קולטור און שטייגער און א ייד דאַרף געדענקען זיין קולטור, קענען זיין אייגענעם שטייגער. מעגן געוויסע טיילן אפילו זיין פאַרעלטערט, איז עס דאָך נישט ערגער ווי שטודירן אַנדערע פרעמדע קולטורן, וואָס זענען אי פאַרעלטערט, אי ווייניקער עטיש ווי די יידישע. און ער אַליין האָט אויך ליב דעם ניגון. דעם ניגון, וואָס ציט אים אריין אין כישוף־ראָד פון דורות און איז אזוי טרויעריק ווי דער יידישער גורל. און ער איז אַ ווארעמער ייד. זאָל נאָר ווער פרוון אויסרעדן אַ שלעכט וואָרט אויף יידן, ער וואָלט יענעם דורס געווען.

און אַ ביסעלע נחת האָט זי פאָרט פון אים. ס׳איז טאַקע נישט קיין גאַנצער נחת. אָבער פאָרט מער ווי פון איר צווייטן איידעם דעם מאָלער. יענער איז עפּעס גאָר ווילד.

ער זיצט גאַנצע טעג און נעכט ביי זיינע פלאַכטעס און פּעטשקעט. וואָס פּעטשקעט ער, גיי ווייס. ער זאָגט, אַז ער מאָלט. אַ קינסטלער איז ער, זאָגט ער. זי זעט אָבער בלויז, אַז ער שפּילט זיך. ווי קליינע קינדער מאַכט ער זיך נאַריש. ער נעמט אַ פּענדזל, טונקט אין קליינע קינדערשע פאַרבע־לעך, אָדער מישט צוזאַמען אַ פּאָר פארבן און שמירט דערמיט אויף אַ לייוונט אָדער פּאַפּיר. איינמאָל פרעגט ער איר: — „ווי געפעלט אייך דאָס בילד?“. זי קוקט און קוקט און זעט גאָרנישט. עפּעס זעט זי אפילו יאָ, אָבער וואָס זעט זי? זי זעט געלע, גרינע פינטעלעך און פּאַסיקלעך, ווי געמאָלטע שלעקלעך און דעקנס אויף די ווענט, און ווייטער גאָרנישט. יאָ, אין ווינקל

הענגט אַ בילד, ווו זי זעט אַ טייך מיט לאָדקעס. וואָסזשע דאַרף זי דאָס ביי אים זען? אַז זי וויל זען אַ טייך מיט לאָדקעס, קאָן זי דאָך אַרויסגיין צום אמתן טייך. וועלכן גאָט אַליין האָט באַשאַפן? וואָס איז ער דאָ מחדש? נאָר דאָס וואָלט איר נאָך אַזוי נישט געאַרט. זאָל ער זיך שפּילן מיט זיינע נאַרישקייטן. אָבער איר טאָכטער שיינדעלע ווערט אויסגעריסן, האָרעוועט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט ביי אירע פּאַרוקן און ער, דער שפּייזער אירער, פאַרנעמט זיך גאָר מיט קינדערישע זאַכן.

„עס וועט", זאָגט ער איר, „נאָך קומען אַ צייט, ווען מען וועט ביי אים אויסקאַפּן אַלע בילדער. ס׳דאַרף זיך אויסשטיין", טענהט ער. יאָ, דאָס איז ער טאַקע גערעכט. זיין משוגעת דאַרף זיך אפשר אויסשטיין. — און זי. שיינדעלע אַליין, האַלט נאָך מיט אים. זי רעדט מיט אים אַזעלכע מאָדנע רייד, וואָס זי הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין. זי הערט נאָר אַרויס פון זיי: „פּלעקן, ליכט, שאָטן, ווייכע און האַרטע ליניעס". און אַ חוץ דער דאָזיקער נאַרישקייט, קומט ער נישט צו לייבלען.

וואָלט לייבל נאָר אַזוי וועלן האַלטן פון יידישקייט. דערפאַר אָבער ווען לייבל זאָגט מפטיר אין שול, ווערן דאָך אַלע פרויען אין דער ווייבערשול פאַרכאַפּט. און ערשט ווען ער האַלט אַ רעדע, מיט אָפענע מיילער שלינגען זיי דאַן זיין יעדעס וואָרט. ווען עס וואָלט געפּאַסט, וואָלטן זיי אים מיט בלומען באַוואָרפן.

אויפן ברית פון זיין מוזיניקל זענען דאָך געווען אַלע פּני פון שטאָט, אַלע סאָרטן יידן: מיט בערד, אָן בערד, מיט טוכענע היטלען און מיט ווייכע קאַפּעליושן, מיט קיילעכיקע האַרטע ווי דראָט, און מיט אַזעלכע מאָדנע הוט ווי הויכע אויפגעשטעלטע סוכות אויפן קאָפּ. — דער הויפּט־ראַבינער אַליין איז געווען סנדק. דער ראַבינער, פאַר וועמען יוזעף פּיל־סודסקי האָט געבויגן זיין קאָפּ, ווען ער, דער ראַבינער, האָט אים געבענטשט בעת ער האָט באַזוכט די שטאָט.

איר מאַמע האָט זיך שוין אפילו אַמאָל פאַרקלאָגט פאַרן זעלבן ראַבינער און אויך פאַרן הויפּט־רב, קעגן לייבלס אויפפירן זיך. נאָר גיי פאַרשטיי היינטיקע צייטן, זאָגט זי. זיי האַלטן אַלע פאַר אים. „מאַכט נישט אויס, מאַכט נישט אויס", האָט איר ר׳ מרדכילע געענטפערט. „מען קאָן נישט שאַצן אַ יידישע נשמה, ער איז אַ תלמיד־חכם און אַ גוטער ייד".

נאָר דאָס אַלץ איז איר מאַמעס חשבון. זי, רחל, האָט איר אייגענעם חשבון. — און זי וואָלט זיך שוין אין די דאָזיקע זאַכן מיט אים אויסגעגליכט. כמעט אינגאַנצן אויסגעגליכט. אין אָנהייב האָט עס איר טאַקע געאַרט. נאָר אַצינד פאַרשטייט זי שוין. עס זענען היינט אַנדערע צייטן. איבעריקנס, וואָלט ער, למשל, אַפילו אליין געוואָלט טראָגן אזא באָרד ווי איר פאָטער האָט געטראָגן, וואָלט זי אים אַליין נישט געלאָזט. מצוות און עבירות זענען, ווי ער זאָגט עס איר, פון מענטשן אַליין איינגעשטעלטע נאַרמעס. — אַמאָל נוצלעך און נויטווענדיק לויט דער צייט און באַדינגונגען, און אַמאָל אַן איבעריקע לאַסט. — דער עיקר איז: דער עטישער און נאַציאָנאַלער קערן וואָס געפינט זיך אין זיי, און נישט די ליידיקע שאָלעכצן, קלערט ער איר אויף. און אפשר איז ער טאַקע גערעכט. זי ווייסט? איז דאָס שוין נישט קיין מניעה אין זייער לעבן.

אָבער וואָס קומט איר דאָס אַלץ ארויס, ווען איר אליין זעט ער נישט. זי עקזיסטירט כמעט נישט פאַר אים. ער לאָזט איר זיצן גאַנצע טעג און נעכט אַליין. באַמיט זיך ווי ווייט מעגלעך איר אויסצומיידן. כאָטש ער פּרוּווט פון איר עס אויסבאַהאַלטן. אָבער איר ווערט מען נישט נארן. אפילו שמועסן מיט איר אויסער די שטוב־זאַכן מיידט ער אויס. הגם מיט איר אייגענער שוועסטער האָט ער יאָ ליב צו שמועסן. ער האַלט אין איין טענהן, אַז זי פאַרשטייט אים נישט. און וואָס דאַרף זי עס אַזוינס פאַרשטיין, אַז זי ליבט אים, איז עס פאַר אים ווייניק? וואָלט ער איר אַזוי ליב געהאַט.

און וויפל צרות איז זי שוין פון אים אויסגעשטאַנען. באַלד נאָך דער חתונה האָט ער אַ שווערע קראַנקייט אַדורכגעמאַכט. און זי האָט זיך אַזויפיל געפּייניקט און געמאַטערט צוליב אים. דאָס געשעפט געפּטערט, זיך אַליין פאַרנאַכלעסיקט, אַבי אים אַרויסצושלעפּן פון דער צרה. אמת, זיינע חברים האָבן אויך געהאָלפן. אָבער צו אירע יסורים איז עס נישט געקומען. ס'איז אַ חילוק צי מען פילט דעם אייגענעם ווייטיק, צי מען פילט נאָר מיט מיינעמס ווייטיק. — און וואָס איז פאַר אַ ווונדער, אַז ער ווערט קראַנק, אַז ער האַלט זיך אין איין מישן אין קהלישע זאַכן. לויפט, שוויצט און האַוועט, ווי די גאַנצע פּרנסה וואָלט ער דערפון געהאַט. ער וויל אויסגלייכן די וועלט און אַלץ זאָל זיין „פּאָ סוואָיעמו״. — און זיי האָבן נאָך צו אים טענות.

ער האָט אָנגעדרייט אַ מעשה מיט אַן עלעקטרישן שטרייק, ווי ער זאָל זיין עפּעס אַן ארבעטער און נישט קיין סוחר. חדשים גאַנצע האָט ער

געהאַלטן די שטאָט אין פינצטערניש. „מען מוז אויספירן", האָט ער גע־טענהט. די עלעקטראָוניע מוז אַראָפּנעמען דעם אָפּצאָל פונעם עלעקטרישן זייגער און פאַרקלענערן דעם פרייז פון שטראָם פאַר אַלע אָרעמע און קליינע קרעמער. און ער האָט אויסגעפירט אויך.

ווי לעבעדיק עס שטייט פאַר איר אַצינד דאָס בילד. אויפן גרויסן פּלאַץ זענען פאַרזאַמלט יידן און קריסטן. ער, לייבעלע, שטייט אויף אַ טרי־בונע און רעדט אויף פּויליש צו די פאַרזאַמלטע. רעדט מיט האַרץ און ענער־גיע. „מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן, ביזן סוף וועלן מיר קעמפן. וואָס איז דאָס פאַר אַ רויב־שטייער צו צאָלן אַ פּריוואַטער פירמע. דער מלוכה דאַרפן מיר צאָלן שטייערן, אָבער נישט קיין פּריוואַטע קאַפּי־טאַליסטן, בפרט פרעמדע, רויבערישע". און ווי די פּאָליאַקן זענען אַריין אין התפעלות ווען ער האָט זיין רעדע פאַרענדיקט מיט אַ מעשהלע וועגן שרעק־לעכן „סמאָק", וואָס האָט געשטערט קראַקוסן אויפצובויען קראָקע, ביז ער האָט דעם „סמאָק" אינגאַנצן באַזיגט.

און ערשט לעצטנס די מעשה מיטן אַנטי־היטלער־קאָמיטעט, וואָס ער האָט געצוווּנגען צו גרינדן. „מען דאַרף באָיקאָטירן היטלער־דייטשלאַנד", האָט ער פּלוצים גענומען טענהן. „די דייטשן אונטערדריקן און מאָרדן יידן". און זיי דווקא האָבן אים פאַרצאַפּט דאָס בלוט.

אַז זיי אַליין האַנדלען מיט די דייטשן, לעבן פון זיי, וויל ער דווקא זיי זאָלן מיט זיי איבעררייסן. און ווידער האָט ער אויסגעפירט. ער האָט אַזוי לאַנג געאַרבעט אויף אייגענער האַנט, ביז דער קאָמיטעט איז סוף כל סוף געוואָרן געגרינדעט. אַזוי די גאַנצע צייט. קריכט ווו מען דאַרף נישט און שטעלט זיך איין. וויפל האָט געפעלט, אַז דער וואָיעוואָדע זאָל אים אַרעסטירן צוליבן עלעקטרישן שטרייק? אַ נס, וואָס ער איז אַ גוטער דער וואָיעוואָדע. דער ליבעראַלסטער פון אַלע סאַנאַציע־מענטשן. און אויך דער זכות פון דער יידישער וואָיעוואָדיכע איז אים בייגעשטאַנען. איז ווער ווייסט, האָט זי אויפגעצאַפּלט ביים דאָזיקן געדאַנק, ווו ער געפינט זיך אַצינד, וואָס איז זיין גורל?

און ווען די טיר פון איר וווינונג האָט זיך פּלוצים מיט אַ סקריפּ געעפנט אין דער דאָזיקער שפּעטער נאַכט־שעה, און אין איר האָט זיך באַ־וויזן מרגליות, איז זי אַ בליפּענדיקע, אַ וויינענדיקע אַרויס מיט לשון:

„ווי נעמט דאָס אַ מענטש אין אַזאַ צייט און שלעפּט זיך אַרום איבער די גאַסן ווי אַ הפקרניק? עס אַרט אים גאָרנישט וואָס מען וועט וועגן אים איבערטראַכטן. אוודאי, האָט זי שטיקענדיק זיך פון טרערן, פאַרגעזעצט: וואָלט ער געווען אַן איבערגעגעבענער מאַן, וואָלט ער איר נישט איבער־געלאָזט אַליין. אים גייט דאָס אָבער אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. ער מיינט נאָך אַלץ, אַז ער איז אַ בחור".

מרגליות האָט דווקא איצט געהאַט חשק אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ. ער האָט איר שיער נישט דערציילט פון באַמבן־שפּליטער, וואָס איז גע־פאַלן האַרט ביי זיינע פיס. גוט, וואָס ער האָט איר דאָס נישט דערציילט. ער וואָלט פון איר נישט אַרויסגעקראָכן. אין דער אמתן, איז זיין פרוי רחל אַ באַחנטע ברונעטקע מיט אַ קיילעכדיק־געשניצטן קאָפּ, ווי אויסגעהאַקט פון אַ סטאַטוע ביי וועמען אַלץ איז געווען אַזוי אויסגערונדיקט, ווי די פּאָר שוואַרצע קאַרשן, וואָס האָבן זיך פון אונטער אירע אויגן־וויעס אַרויסגע־שפּאַרט, ווי עס האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט אירע אָנגעקוואָלענע ברוסטן, געווען אַ גוטע און האַרציקע פרוי צו אים. נאָר איר איבערגעטריבענע ליבע, וואָס האָט איר פאַרביטערט און דענערווירט, האָט אַרויסגערופן אין איר אומגעוווּנטשענע קאָמפּלעקסן. — זי איז צוליב דעם געוואָרן אייפער־זיכטיק אויף יעדן דערפאָלג זיינעם. זי האָט אים נישט פאַרגינט, ווי מען פאַרגינט נישט דעם ערגסטן שונא. און זיין יעדן געמאַכטן טריט אויסער דער שטוב, האָט זי געזען אַ דערוויטערטן טריט פון איר.

אַן איינפאַכע באַלעבאַטישע טאָכטער, האָט זי אָבער מיט איר פרויען־אינסטינקט אַרויסגעפילט פון אים זיין גלייכגילטיקייט צו איר. און ער אַליין, מרגליות, ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. איז עס דען דער איינציקער פלאָנטער פונעם לעבן, וואָס מען קאָן נישט אויספּלאָנטערן?

ער האָט צו איר גאָרנישט. זי איז אים איבערגעגעבן, געטריי, ווי נאָר אַ פרוי קאָן זיין. און ווען ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, האָט ער זי אויך ליב געהאַט. נאָר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט ווי אַן אומגע־זעענע וואַנט אָנגעהויבן אויסוואַקסן צווישן זיי. און זיי האָבן זיך אויפגעהערט צו פאַרשטיין.

„עס קאָן זיין", האָט ער געפּרוּווט דאָס דערקלערן: „ווייל מיר זענען צו גיך אַריבערגעשפּרונגען פון איין עקסטרעם צום צווייטן. מיר האָבן זיך מיט אַ געוואַלדיקער איבערגעטריבנקייט גענומען טובלען אין די צו קאַלטע

שטראָמען פון לאָגיק. — מיר האָבן אַלץ גענומען אָביעקטיוויזירן. און דאָס, וואָס מיר רופן אָן ליבע, אַפילו די שיינבאַרע, — איז דער קעגנזאַץ פון לאָגיק. ס׳איז איר אַנטיטעזע. מחמת עכטע ליבע מוז ווערן סוביעקטיוויזירט, פאַרפערזענלעכט...און אַלץ, וואָס איז איבערגעטריבן, איז נישט אמת. מען קאָן דאָך אַן אמת נישט איבערטרייבן. דאָס אמתע אינעם אמת באַשטייט דאָך אין דעם, וואָס ער איז אַזוי ווי ער איז״.

קאַפּיטל דריי

# לייבעלע מרגליות

ער אַליין געדענקט, אמת, נישט ווען ער איז געבוירן געוואָרן, דער־פאַר אָבער פלעגט זיין פרומע מאַמע דערציילן, אַז אין דער נאַכט ווען ער איז געבוירן געוואָרן, האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַ פייערדיקע רויטע ריט. מענטשן און אויך זיין מאַמע האָבן דאָס אָנגענומען פאַר נישט קיין גוטן סימן.

און טאַקע באַלד נאָכדעם איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און שפּעטער די רעוואָלוציע קעגן קיסר, וואָס איז געוואָרן דער־שטיקט אין בלוט.

נאָר אויב ווען ער איז געבוירן געוואָרן, קאָן ער נישט געדענקען, געדענקט ער דאָס אָבער יאָ, אַז שוין צו דריי יאָר האָט ער עפּעס געהאַט צו טאָן מיט שטרייקערס. ער איז, אמת, קיינמאָל קיין שטרייקער נישט גע־ווען, צו דריי יאָר אוודאי נישט, נאָר ער, דער קליינער קונדס, האָט עפּעס ליב געהאַט צו פּלאַפּלען (ער ווייסט ביז היינט נישט פאַרוואָס), „איך ביי אַ שטרייקער". ער האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין „קוף", איז זיין קינדיש אַרט רעדן זיין פאַרמעגלעכער משפּחה דווקא שטאַרק געפעלן גע־וואָרן. זיי האָבן הנאה געהאַט פון זיינע קינדערישע חכמות און האָבן דווקא געוואָלט אָננעמען זיין פּלוידערן, ווי אַ באַוווסטזיניקן חוזק איבער די אמתע שטרייקערס...

דערפאַר אָבער איז אים, דעם קליינעם יאַט, אינעם דאָזיקן זכות גע־ווען גוט ווי די וועלט. די רייכע קוזינען האָבן אים געקניפּט אין די פּוכקע בעקעלעך, און אים געשטאָפּט מיט נאַשוואַרג און צוטערטעס (צוקערקעס). צו דריי יאָר האָט שוין זיין קינדערישע ענערגיע געמוזט זיך אויסלאָדן אין

פאַרשידענע ווילדקייטן. ער האָט געריטן אויף חזירים און האָט געריסן די פערד ביי די עקן. די חזירים האָט ער ווי אַ טריף־טמא באַשעפעניש פיינט געהאַט בתכלית השנאה, און כאָטש ער פלעגט אויף זיי פּרווון רייטן, פלעגט ער זיי פונדעסטוועגן אונטערהאַקן די חזירישע זייטן מיט שטעקנס אָנגעהאַקטע מיט טשוועקעס.

נאָר אויב מיט די קוויטשעדיקע באַשעפענישן איז ער נאָך אַדורך בשלום, האָט ער אָבער מיט די פערד שלעכט אָפּגעשניטן. ווייל איינמאָל, האָט ער אַזוי רייסנדיק דעם פערד ביים עק, אָנגעטראָפן אויף אַ פערדישע ווידערשפּעניקייט. — דאָס פערד האָט זיך נישט געלאָזט. עס האָט אים אַ גלעט געטאָן מיט אַן אונטערשטן פוס. נאָך גוט וואָס דאָס איז געווען אַ יידיש פלאָכע פערד. ווייל דער קלאַפּ איז נישט געווען אַזוי שטאַרק ער זאָל דאַרפן שטאַרבן. איז ער דעריבער געבליבן לעבן. ער איז אָבער דערפאַר שיינע וואָכן נישט געגאַנגען אין חדר. פונדעסטוועגן האָט ער שוין מער מיט אַזעלכע ווילדע חיות נישט געוואָלט האָבן צו טאָן. וואָסזשע מיינט איר איז געווען ?

האָט די מאַמע, וואָס האָט איינגעריסן וועלטן, געוואָלט זיך אַרויפּ־אַרבעטן צו קאָנקורירן מיט איר רייכער משפּחה, אים אַריינגענומען צו זיך אין קראָם, ביז זי האָט איבערגעדרייט אויף אים אַ טאָפּ הייסע יויך, וואָס זי האָט געהאט צוגעגרייט אויף מיטאָג. ווען ער איז אָבער אַ ביסעלע עלטער געוואָרן, האָט אים שוין זיין שטאַרק־פאַרנומענער טאַטע גענומען אין זיין רשות. ער האָט אים געשיקט פון איין חדר אין צווייטן. זיין פאָטער, אַליין אַ למדן און שאַרפער קאָפּ, האָט שטאַרק קיין צייט נישט געהאַט. האָט ער וואָס גיכער געוואָלט מאַכן פון אים אַ לייט. — זיין פאָטער איז געווען פאַר־נומען מיט פאַרשידענע געשעפטן. ער האָט זיינע געפירט באַזונדער, און זי, די מאַמע, אירע באַזונדער. יעדער האָט זיינע פאַרדינסטן באַזונדער גע־קליבן, כדי דאָס באַזונדערע פאַרדינטע צוזאַמענצולייגן. האָט זיין פאָטער זיך געאיילט, און אויך זיין קליינעם לייבעלע אונטערגעטריבן, שטאַרק אונ־טערגעטריבן.

איז ער געפלויגן פון חדר צו חדר און פון רבין צו רבין. ער איז אין ערגעץ קיין יאָר נישט אויסגעווען. און ער האָט נאָך געדאַרפט לימודי חול אויך לערנען.

זיין פאָטער, ר׳ איטשע מרגליות, אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ

שיטער בערדל, נאָר מיט אַ רבנישן שטערן און צוויי שוואַרצע צאַפּל־מענ־טשעלעך, וואָס האָבן אַרויסגעפּינקלט פון זייערע אויגן־לעכער, ווי צוויי פייערלעך פון אַ פינצטערניש אַרויס, איז טאַקע געווען אַ ייד אַ חסיד, ער האָט אָבער געהאַלטן, „וואָס צו גאָט איז צו גאָט, און וואָס צו לייט איז צו לייט".

דאָס איז נאָר אַזוי געזאָגט, ווייל אין דער אמתן האָט ער אפילו אין זיין וואָכעדיקייט, וואָס האָט אינגאַנצן געהערט צו לייט, אויך ח״ו נישט פאַרפעלט קיין תפילה און קיין מצווה. אמת, דאָס דאַווענען איז געווען, ווי זיין פרנסה, אַ געיאָגטס. אָן אַ טעם און מיט ווייניק כוונה. אָבער אויך זיין עסן איז אַזוי געווען. איבערגעכאַפּט, אַבי צו דערהאַלטן דעם נפש.

דערפאַר אָבער איז זיין שבת־קודש געווען אַ פאָלנער שבת. אין זיין שבת און יום־טוב האָט ער אַריינגעלייגט אַלץ, זיין גאַנצע נשמה. נאָך מער, ער האָט מוסיף געווען מחול אל הקודש. ער האָט אַ שטיק פון זיין פרייטיק־דיקער וואָכעדיקייט אָפּגעריסן און אים צוגעגעבן צום שבת.

נאָר דאָס קליינע לייבעלע האָט נישט געהאַט קיין גרויסע הנאה פון זיין טאַטנס שבת. אַ חוץ פאַרשטייט זיך, וואָס ער האָט אינעם דאָזיקן טאָג געקאָנט באַווייזן פאַר זיינע חברים זיינע שפיגלדיקע שטיוועלעטן און דאָס ז׳ידענע קאַפּאָטקעלע.

און כאָטש אַליין האָט ער אויך הנאה געהאט צו שפיגלען זיך אין זיי, האָט ער פונדעסטוועגן קיין גאָר גרויסן פאַרגעניגן פון דעם שבת פאָרט נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן. מחמת אינעם דאָזיקן טאָג האָט דער פאָטער אים נישט אַראָפּגעלאָזט פונעם אויג. ער איז דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג געווען דעם פאָטערס געפאַנגענער. ער האָט מיט אים געלערנט, מעביר געווען די סדרה, אים פאַרהערט און דערנאָך אים נאָך געשיקט צום רייכן פעטער אויף א פארהער. און ווו איז דאָס שבתדיקע דאווענען? וואָלט נאָך דאָס אַלץ נישט אויסגעמאכט, ווען ער איז כאָטש שבת נאָך מיטאָג פריי. האָט אָבער זיין פאָטער ר׳ איטשע געהאט א טבע, גלייך נאָכן שבתדיקן עסן צו גיין אין בעט אריין מיטן ספר חסידים אין דער האַנט, און אים, לייבע־לען, אויך וועלן מהנה זיין מיטן דאָזיקן עונג שבת. וואָס דען, ער וועט אים לאָזן אַרומלויפן, קאָמאַנדעווען און אים אַליין אויך נישט לאָזן שלאָפן?

וואָלט אָבער לייבעלע זיך געקאָנט אַרויסגנבענען פון בעט, באַלד ווי דער פאָטער ווערט אַנטשלאָפן. איז אָבער ר׳ איטשע געווען אַ ייד אַ

חכם, און האָט אים צוגעבונדן צו די ציצית פון זיין טלית־קטן. כאָטש גיי צערייס די ציצית אום שבת און וועק אויף דעם טאַטן. איז לייבעלע געוואַקסן און האָט וואקסנדיק, ווי א שוואָם ארייגעגנומען אין זיך דעם פאָטערס מידות און שטייגער, זיין גאַנצע יידישקייט, מיט א צולאָג זיין מאמעס קרענקלעכ־קייט און ווייבערישע צעיאַכמערטקייט. — אַחוץ וואָס ער האָט נאָך מיטגע־בראַכט מיט זיך דאָס געירשנטע פון זיינע אָבות אבותיו, נאָך באַלד ווי ער האָט זיך אויף דער וועלט באַוויזן מיט זיין שאַרפן קוויטש, וואָס האָט זיך שפּעטער אנטוויקלט צו אזא מין בת־היענה־שטימע...

זענען לייבעלע מיט ר׳ איטשען ביידע געוואָקסן. זיי זענען געוואָקסן אין יאָרן און אין דערפאַרונג. אַחוץ, וואָס ר׳ איטשע איז נאָך געוואָקסן אין פאַרמעגן און אין דאגות. ביז איטשע מרגליות האָט אויף דער עלטער גאָר אָנגעטאָן אַ קאָלנער. אמת, אַ חסידישן, אָבער פאָרט אַ קאָלנער מיט אַ זיידן שניפּסל. נאָר עס רעדט זיך אַזוי אויף דער עלטער. ווייל אין דער אמתן איז דער גאַנצער איטשע מרגליות דעמאָלט געווען אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן. כאָטש ער האָט שוין ביז דעמאָלט געהאַט אָפּגעטאָן אַ וועלט. און ס׳איז אויך אמת, אַז דעם קאָלנער האָט ער געדאַרפט ווי דאָס לעבן. ער האָט אים געמוזט אָנטאָן. מחמת, ער איז שוין אין יענער צייט געווען אויס־געקאָכט מיט נאטשאלסטווע און איז געוואָרן א וויבאָרטשיק צו דער רוסישער דומע.

פונדעסטוועגן האָבן אים די חסידים אין שטיבל, ווו ער האָט גדאַ־ווגט, שיער נישט געמאַכט קיין משכנתא. זיי האָבן אים דערפאַר צעריסן אַלע קעלנער, וואָס ער האָט אָנגעטאָן. און מיטגעבראַכט האָט ער גלייך מיט זיך אַ טוץ. אָבער וואָס עס האָט זיך לייבעלען איינגעקריצט אין זכרון, איז גע־ווען: די רויקייט און דעם שמייכל, וואָס זיין פאָטער האָט אַרויסגעוויזן צו זיינע חסידים, טראָץ דעם שאָדן וואָס זיי האָבן אים אָנגעטאָן. אמת, ער האָט געקאָנט ווערן אין כעס אויך, אָבער דאָס איז געווען נאָר בשעת הדחק. — ביים קאָלנער איז שוין זיין פאָטער פאָרט פאַרבליבן. ווי ער איז געבליבן ביים זיידענעם בענדעלע צו דעם טוכענעם דענקע־היטל, ביזן סוף פון זיין קורץ לעבן.

און וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פון לייבעלען איז געווען: זיין אַ מענטש. און אַ מענטש זיין האָט ביי אים געמיינט: טראָגן שטאָלץ דעם יידישן גורל און זיין אַ פולער ייד אין זיין העכסטער מענטשלעכער מדרגה.

ר׳ איטשע איז צו לייבעלען געווען אַ גוטער פאָטער. ער האָט אים אַלץ נאָכגעגעבן, אַבי נאָר ער זאָל לערנען. און לערנען האָט ער געדאַרפט אי תורה אי חכמה. איז לייבעלע געוואָקסן אין לערנען. נאָר וואָס מער ער האָט געלערנט, אַלץ ווייניקער, האָט ער זיך אַרומגעזען, ווייסט ער. ער האָט דעם פאָטער און זיינע רבי׳ס פאַרוואָרפן מיט קשיות, וואָס זיי האָבן אים נישט געקאָנט פאַרענטפערן.

האָט ער נאָך מער, ווי אַ וואָרעם, זיך איינגעגראָבן אין די ספרים. ער האָט געמיינט, אַז די ספרים ווייסן אַלץ. ער האָט אָבער נישט אַלע ספרים געקאָנט פאַרשטיין, ווי די ספרים האָבן נישט אַלע זיינע קשיות געקאָנט פאַרענטפערן. ער האָט נאָך דעמאָלט פון קיין טריף־פסול נישט געוווּסט. זיין וועלט איז געווען אַ חסידישע. ער האָט זיך געווייקט אין גאָלע פרומקייט און אין אמונה.

ערשט גאָר שפּעט, לויט זיין אַנטוויקלונג, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין זיי. דאָס איז פאָרגעקומען נאָך צוויי געשעענישן, וואָס האָבן דערפירט צו אַן איבערברוך אין זיין לעבן.

נאָך זיין בר־מצווה וועדן, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט מיטן גאַנצן ברען, ווערנדיק צוגעגרייט דורכן בעל־מקובל ר׳ שמחה בונעם דער „עקס־פרעס" און נאָך דעם פריצייטיקן טויט פון זיין פאָטער.

ר׳ שמחה בונעם איז געווען אַן אויסטערלישער ייד. אויסטער־ליש אין זיין פרומקייט און אין זיין לערנען. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ חריף און בקי, אין נגלה און אין נסתר. ס׳איז געווען גענוג אים אַ פרעג צו טאָן ווו עפּעס אַ מאמר געפינט זיך, ער זאָל גלייך באותו הרגע אָנווייזן נישט נאָר דעם פרק, נאָר פּינקטלעך דעם דף און דעם פסוק. ער האָט אָבער געהאַט זיין אייגענעם דרך אין לערנען, וואָס איז באַשטאַנען אין אַן אייגנאַרטיקן אויסקלאָרן און אין אַ פאַרטיפן דעם ענין.

ער פלעגט פריער דעם ענין צעלייגן אויף אַלע זיינע טיילן, זיי פּרווון אָפּפרעגן און ערשט נאָך אַן אנאליז פון יעדן טייל באַזונדער, זיי שאַרפ־זיניק פאַרענטפערן און צוריק צוזאַמענגעמען. אָבער דאָס איז שוין געווען דער לעצטער אַקט. דעם סוף פון דעם מעטאָד.

לכתחילה פלעגט ער שלינגען גאַנצע סוגיות. ער פלעגט זיי אַדורכ־לויפן מיט איין אָטעם. די תלמידים, כאָטש געקליבענע איינס און איינס. האָבן אים נישט געקאָנט נאָכיאָגן. ערשט דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט,

ווי איינער, וואָס נאָכן אָפּגיין אַ גרויסן וועג, שטעלט ער זיך פּלוצים אָפּ אַ פּאַרמאַטערטער, און באַטראַכט געלאַסן דעם אָפּגעגאַנגענעם וועג. ער האָט זיך אומגעקערט צום אויסגאַנג־פּונקט, און האָט אויפסניי אַלץ אָנגעהויבן צו באַטראַכטן און אַנאַליזירן ביזן דינסטן פּרט.

און אַזוי ווי ער איז געלאָפן אין לערנען (ער האָט געשלונגען גאַנצע דפים), אַזוי איז ער אויך געלאָפן אין דאַווענען, כאָטש ווי פרום ער איז געווען. און ער איז געווען אויסטערליש פרום. ער איז נישט געגאַנגען אויפן טראָטואַר, נאָר אין מיטן גאַס, כדי ער זאָל זיך נישט צוזאַמענטרעפן מיט פרויען. און געטראָגן האָט ער שטענדיק אונטער דעם היטל צוויי יאַר־מעלקעס. מחמת טאָמער פאַלט אַראָפּ דאָס היטל מיט דער ערשטער יאַר־מעלקע, זאָל בלייבן די צווייטע. און מען האָט דערציילט: ווען עס האָט געברענט זיין רבינס הויז און מען האָט געדאַרפט אַרויסראַטעווען דעם רבין דורכן פענצטער פון צווייטן שטאָק, ווייל דער רויך האָט שוין געהאַט פאַר־כאַפּט די טרעפּ, האָט ער דעם רבין געהייסן וואַרטן און אַליין איז ער מיט אַ געוואַלד געלאָפן טובלען דעם לייטער אין דער מקווה. אַ מערכה, דאָס פייער איז געוואָרן פאַרלאָשן, איידער ער איז צוריקגעקומען מיטן לייטער. געלאָפן איז ער אויך אין גיין. און געשטעלט האָט ער דווקא דראָבנע טריי־טעלעך. און אַזוי האָט ער מיט זיינע טריטעלעך גיך געהיפּקעט, אַז מען האָט אים נישט געקאָנט דעריאָגן. און געהיפּקעט האָט ער ווי אַ פייגעלע. וואָס דען, ער וועט שטעלן גויאישקע גרויסע טריט? דערפאַר האָט מען אים גערופן דער „עקספּרעס".

אָבער דאָס אויסטערלישע איז געווען, וואָס ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו קאָנקורירן מיטן רבונו של עולם. ער האָט געוואָלט דורך צירוף השמות באשאפן א לעבעדיק נפש (א נפש חיה). ער איז אפילו געווען באשיידן, ר' שמחה בונעם. ער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען אויף גאָר גרויס, נאָכטאָן דעם מהר"ל. ער האָט נאָר אין זינען געהאט אַ קליין באַשעפעניש. ער איז אָבער געווען געצוווּנגען פון דעם זיך אָפּצוזאָגן, צוליבן גרויסן טומל, וואָס זיין דאָזיקער יצירה־פּלאַן האָט אַרויסגערופן ביי די איבעריקע מקובלים מיטן שטאָטישן רב, דעם טריסקער עילוי, בראש און ער האָט געמוזט ר' וועלוועלען דעם טריסקער אויף דעם געבן אַ תקיעת־כף.

דאָס טיפזיניקע פּשטל, וואָס לייבעלע האָט געזאָגט אין קעגנוואַרט פון די גרעסטע עילוים, האָט אים אַ ביסל פאַרדרייט דעם קאָפּ. עס האָט

אים געגעבן אַן איבעריקן מוט און זיכערקייט אין זיך. און צו דעם נאָך אינ־ספּירירט פון זיין גרויסן רבין, האָט ער, ווי זיין רבי, זיך פאַרמאָסטן אויף גאָר גרויס. ער האָט ווי אָנגעהויבן חלומען אויפצופלאָנטערן דער וועלטס אייביקן פּלאָנטער. — ער האָט, אמת, ווי זיין רבי, גאָרנישט דערגרייכט. מחמת געפאַנגען אין דער אייגענער נאַטור, האָט זיך זיין געדאַנק מער נישט ווי זיך געדרייט אין דעם אייגענעם פאַרכישופטן קרייז. — ער האָט אָבער צוליב זיין יונגקייט און צוליב דער געירשנטער עקשנות פון זיין פאָטער, זיך נישט אונטערגעגעבן. און ווערנדיק פרייער און זעלבשטענדיק נאָך זיין פאָטערס טויט, האָט ער זיך געוואָרפן מיט אַ ווילדער תאווה אויף אַלערליי ביכער.

ער האָט געוואָלט דעריאָגן די פאַרלוירענע צייט. ער האָט דעריבער מיט אַ געוואַלדיקן גייסטיקן אימפּעט געשלונגען גאַנצע ביבליאָטעקן.

איז ער אין אָנהייב געווען באַצויבערט פון דער לאָגיק און מעטאַ־דיק פונעם וועלטלעכן וויסן. די שרייבערישע פאָרמען און דער עיקר: די סיסטעמאַטישקייט פון די געדאַנקען־פאָרמולירונגען האָבן אים ענטוזיאַזמירט און באַרוישט. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. ער האָט זיך גיך אַרומגעזען, אַז טראָץ דער אויבנאויפיקער לאָגיק און פעסטקייט פון דער פאָרמולירונג, איז נישט נאָר דער ערשטער יסוד פון יעדער באַגרינדונג אַ בלויזע געדאַנקען־פיקציע, נאָר אַפילו די לאָגישקייט פון די איבעריקע יסודות, וואָס זענען אונדז אויס אַזוי אייזן־פעסט און קייטלען זיך פון ערשטן רינג, — זענען אָפטמאָל סתירותדיק און קאָנען לייכט אָפּגעפרעגט ווערן.

און דער עיקר האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ביי א טיפן אַנאַליז זענען די וועלטלעכע סברות, ווי מאָדערניסטיש צוגעפּודערט זיי זאָלן נישט זיין, נישט מער, ווי די זעלבע פּשטלדיקע דיאַלעקטיק צו וועלכער ער האָט זיך פריער באַקענט.

האָט ער אָנגעוווירן די אמונה אינעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק. און אַז דער גרונטשטיין פון דער מענטשלעכער קרוין איז אַ ווערטלאָז צעבראָכן שערבל, איז אַלץ אילוזיע און פאַרפירעריש. האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען אויף צוריק. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס. אָבער גאָר אינגאַנצן צוריקגיין האָט ער שוין נישט געקאָנט. און נישט וייענדיק פעסט פאַראַנקערט, שוועבנדיק אין דער לופטן, — האָט אים דער סקעפּטיציזם גענומען עסן די ביינער. ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען צווישן רעאַלן און נישט־רעאַלן. און פלעגט אויך אַנטלויפן און זוכן זיין

טרייסט אינעם מיסטעריעזן, פֿאַרבאָרגענעם. ביז ער האָט זיך באַשאַפֿן זײַן אייגענע וועלט.

ער האָט די איבעריקע עקבערנדיקע פֿראַגן פֿאַרוקט אין אַ זייט. ער האָט זיי אַרויסגענומען פֿון זײַן פֿאַראינטערעסירונגס־קרייז.

און ער האָט פֿון גאָר דעם טונקל ארויס אַרויסגעצויגן נאָר איין ליכט, איין איינציק ליכט, וואָס זאָל באלייכטן זײַן וועג. און דאָס איז דער גלויבן אין זײַן פֿאָלק, און די שטרעבונג צו זײַן קיום און המשך.

קאַפּיטל פיר

## ביים פּאָלקאָווניק דאָמבראָווסקי

פאַרנאַכט איז לייבעלע אַריין צו דאָמבראָווסקין.

ער האָט געדאַרפט אַדורכמאַכן אַ שפּאָר שטיקל וועג, ביז ער האָט זיך געפונען אויסער דער שטאָט, אינעם פאַרמעגלעכן גאָרטן־ראַיאָן, ווו ס'איז געשטאַנען דאָס הויז פון פּאָלקאָווניק.

דאָמבראָווסקיס הויז, וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט אַ גרינעם גאַרטל פון גרינס און בלומען, האָט מען פונדערווייטנס נישט אַרויסגעזען. ערשט פון גאָר נאָענט האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אַרויסשיילן די קאָנ־טורן פון אַ צוויי־שטאָקיק הויז געבויט אין מיטלאַלטערלעכן סטיל, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון אַ גרינעם טעפּיך, ווי אַ טוקענדיקער הייבט זיך אַרויס פון אַ גרינעם ים.

דער הויכער, גראָ־באַוואָנצעטער „פּאַן" דאָמבראָווסקי מיט די שפּי־ציקע גרינע אויגן ווי ביי אַ קאַץ ווען זי טשאַטעוועט אויף איר קרבן, איז אַצינד געווען באַזונדערס אָנגעשטרענגט.

זיינע נערוון־פעדעם, וואָס זענען געווען אָנגעצויגן ווי שאַרף־אָנגע־צויגענע סטרונעס פון אַ פידל, האָבן אים געמאַכט אויפצאַפּלען ביי מרג־ליותעס אַריינקומען. ער האָט אָבער באַלד פאַרמאַסקירט זיין שרעק און גלייך גענומען זיך באַהערשן, ווי גאָר ער האָט דערזען לייבעלען.

יוזעף דאָמבראָווסקי, אַן עלטערער רעזערוו־פּאָלקאָווניק, איז געווען אַ פאַרמעגלעכער קריסט. ער איז געווען אַ יחסן, דער „פּאַן" דאָמבראָווסקי. ער האָט געצויגן זיין שלאַכעצקן יחוס נאָך פון די אַמאָליקע פּוילישע העט־מאַנעס. זיינער אַן עלטער־עלטערזיידע האָט נאָך אָנגעפירט מיט די שלאַכטן קעגן די אַמאָליקע צאַרישע אַרמייען און די אורעלטערן פון זיין ווייבס צד,

די פּאָטאָצקיס, האָבן מיט פריצישער גאווה באַלייגט זייער וועטאָ אויפן פּוילישן סיים.

הגם ער האָט אַליין געהערט צו דער סאַנאַציע און זיינע קינדער האָבן דאָרט פּאַרנומען הויכע אַמטן, איז ער אַליין פונדעסטוועגן געשטאַנען בנוגע איר אין אַ טיילווייזער אָפּאָזיציע. אמת, דאָס איז געווען מחמת ריין־פּערזענ־לעכע מאָמענטן. ער האָט געהאַלטן, אַז אים אַליין באַוואָלהט מען.

ער איז אָבער דאָך געווען אַ געטרייער פּילסודטשיק.

ווען דער „דזשאַדעק" האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן פון סולעיוועק און האָט אין איין שיינעם מאַי־טאָג גענומען מאַרשירן אויף ווארשע, האָט דאָמבראָווסקי מיט זיין פּאָלק דער ערשטער אים געאיילט צו הילף, און איז פּלוצים אויסגעוואַקסן ביים בעלוועדער, אַרומנעמענדיק אים ווי אַיך צוואַנגען.

און ווען דער מלוכה־פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי איז אַרויסגעקו־מען און האָט היימיש אַ זאָג געטאָן צו פּילסודסקין: „יוזעף, וואָס טוסטו ?" און פּילסודסקי האָט אים געענטפערט „איך האָב דיך אין... פּרעזידענט", איז ער, דאָמבראָווסקי, דאַן געשטאַנען ביים מאַרשאַלס זייט.

נאָך היינט, ווען ער דערמאָנט זיך וויאַזוי דער אַלטער וואָיטשעכאָוו־סקי איז אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקאַן, ווען די קעגן בעלוועדער אָנגע־שטעלטע האַרמאַטן האָבן אַרויסגעגעבן זייערע ערשטע לופט־סאַלוועס, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטן פון לאַכן.

ווען פּילסודסקי איז געשטאָרבן און גענעראַל רידז־שמיגלי איז גע־וואָרן דער מאַרשאַל פון פּוילן און פּילסודסקיס פאַרטרעטער, האָט דאָמ־בראָווסקי געהאַלטן, אַז די דאָזיקע באַשטימונג איז אַן אומגליק פאַר פּוילן.

ער פלעגט אַפילו זאָגן, אַז דאָס באַשטימען שמיגלין פאַרן דזשאַדעקס פאַרטרעטער איז געווען פּילסודסקיס גרעסטע נאַרישקייט. און טראָץ דעם, וואָס ער אַליין האָט געדינט אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון רידז־שמיגלי, ווען דער לעצטער מאַרשאַל פון פּוילן איז נאָך געווען דער אָנפּי־רער פון זיין פּאָלק, און שמיגלי אַליין האָט אים דערהויבן צום ראַנג פון מאַיאָר ביז ער האָט שפּעטער אוואַנסירט אויף פּאָלקאָווניק, — האָט ער פון אים נישט געהאַלטן.

מיט מרגליותן בינדט אים נאָך אַן אלטע מיליטערישע פריינדשאַפט, ווען דאָמבראָווסקיס באַטאַליאָן איז געווען אין דער סכנה אַרומגערינגלט

צו ווערן דורך די פלינקע „בודיעניצעס״ פון דער נאָר־וואָס אויפגעקומענער רויטער אַרמיי, און ס׳האָט דעם גאַנצן פּאָלק געדראָט אַ פולשטענדיקע פאַר־ניכטונג, האָט זיין שטאַבאָווער לייבעלע אויף דער גיך אויסגעאַרבעט אַ געשיקטן מאַנעוור און מיט דער הסכמה פון דאָמבראָווסקין אים אַדורכ־געפירט.

ער האָט געעצהט, קודם מאָביליזירן אין דער ערשטער ליניע אַלע שטאַבאָוועס און דאַן צעוואַרפן דעם באַטאַליאָן אויף פיר טיילן. איין טייל, אַ שטארק־צעשאָטענער, זאָל אַטאַקירן אויף באגנעטן אין אַ פראָנט־אטאקע, אַ צווייטער, זאָל זיך פאַרגנבענען פון אונטן און די איבעריקע צוויי טיילן אין די זייטן.

ערשט, אַז די פראָנט־אטאקע וועט זיין אין ברען, — זאָל מיטן גאַנצן אימפעט אָנגרייפן דער אונטערשטער טייל און נאָך אים די זייטיקע.

דער מאַנעוור האָט נישט נאָר געראַטעוועט דעם באַטאַליאָן, נאָר האָט אינגאנצן צעמישט דעם שונא, וואָס איז געווען אין אַן איבערוויגנדי־קער צאָל. דאַן האָבן זיי ביידע אַוואַנסירט. דאָמבראָווסקי איז געוואָרן מאַיאָר ביז ער איז דערגאַנגען צו פּאָלקאָווניק, און ער, לייבעלע, האָט זיך דערדינט צו דער העכסטער ראַנגע, וואָס נאָר אַ ייד האָט זיך געקאָנט דערשלאָגן אין דער אַקטיווער פוילישער אַרמיי, — צום ראַנג פון קיינמאָל נישט שטייגנ־דיקן כאָראָנזשי.

דאָמבראָווסקי איז אַרויס פון מיליטער, און מרגליות האָט, נאָך דער בלוטיקער אַפּערע פון גענעראַל טראַיאַנאָווסקיס טיילן איבער די פינסקער קדושים, אָפּגעדאַנקט דער אַרמיי און דעם שטיפמוטערישן פאָטערלאַנד. ער איז אויך אַוועק.

מיט דאָמבראָווסקין האָט ער אָבער ווייטער אָנגעהאַלטן זיין פאַר־בינדונג. זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין די קאָמבאַטאַנטן־אָרגאַניזאַציעס. דאָמבראָווסקי איז געוואָרן פאָרזיצער פון דער פוילישער פעדעראַציע, און מרגליות איז אַריין צו די יידישע קאָמבאַטאַנטן.

נאָך דער ערשטער איבעראַשונג, האָט דער אַלטער דאָמבראָווסקי. ווי זיין שטייגער איז נאָכן מכבד זיין אַ טייערן גאַסט, אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך ריינעם וואָדקע און אָפּטינקענדיק זיינע ברייט־צעוואָקסענע וואָנ־צעס אין דעם אייגענעם גלעזל, האָבן זיינע שוין א ביסל אויסגעלאָשענע

אויגן אויפגעבליצט ווי פּאַספּאָר. ער איז געוואָרן צעוואַרעמט און באַרע־דעוודיק.

— וואָס זאָגסטו, לייבל, וואָס פאַר אַ קאַשע דער שמיגלי האָט פאַר־קאָכט? איך האָב שטענדיק געהאַלטן, אַז ער וועט זיין אַן אומגליק פאַר פוילן. ער מיינט, אַז מיט פּאָליטיק קאָן מען זיך באַנעמען ווי מיט אַ פּאָלק סאָלדאטן. און ער איז דאָך דער ערשטער אַנטלאָפן קיין רומעניע.

— וואָס? ער איז שוין אויך נישטאָ? — האָט מרגליות מיט פאַרוווּנ־דערונג געפרעגט. — זיי זענען זיך דאָך שוין אַלע צעלאָפן. איין סטאַזשינסקי נאָך איז געבליבן אין וואַרשע, וואָס האָט די שטאָט פאַרטיידיקט ביזן לעצטן מאָמענט.

— זעסטו, סטאַזשינסקי איז אַ „זוך". אָט אזא פרעזידענט האָב איך ליב. ער האָט אַ ביסל געראַטעוועט פוילנס כבוד. און צווישן זיך גערעדט, עס איז דאָך פשוט א חרפּה. אין זעקס וואָכן האָט שוין דער „שוואַב" באַלד איינגענומען גאַנץ פוילן. האָסטו געהערט, וואָס די גלחים זאָגן?

— וואָס זאָגן זיי? — האָט מרגליות שוין פאַראינטריגירט געפרעגט.

— זיי זאָגן, אַז זעקס וואָכן האָבן די יידן געטרויערט אויף בעקיכעס שחיטה־גזירה, און אין זעקס וואָכן אַרום איז פוילן געפאַלן. עס איז גאָטס שטראָף, טענהן זיי.

— פוילן איז דאָך נאָך אינגאנצן נישט געפאַלן, אונדזער ראַיאָן איז דאָך נאָך נישט פאַרנומען? און ווי לאַנג ביי אַ קראַנקן קלאפּט אַן אָדער, פאַרלירט מען נישט די האָפענונג, — האָט מרגליות געפרווּוט טרייסטן.

— לייבל, — האָט אים דאָמבראָווסקי אָנגענומען צערטלעך ביי דער האַנט. — מיט מיר קאָנסטו אַלץ אָפן רעדן. דאַרפסט נישט אויסבאַהאַלטן דיינע געפילן און געדאַנקען. אויב איך בין נישט קיין באַזונדערער יידן־פריינד, בין איך אָבער קיין יידן־פיינט אויך נישט. און איך האָב דווקא ליב אַ גאַנצן, נישט קיין פאַרשטעלטן ייד. אָט אַזוי ווי אָזשעשקאָוואַס מאיר עזאָפאָוויטש. אָ, ווי גוט זי האָט עס געקענט דאָס יידישע לעבן. און איך האָב איר דערפאַר ליב צו לייענען.

אויך טאָוויאַנסקי האָט געהאַלטן פון אייך. נאָר אים, דעם „מעסיאַ־גיסט", צעקיי איך נישט. מיר, מיליטער־לייט, פאַרשטייען זיך נישט אויף קיין קונסט. די מיליטערישע קונסט איז אַן איינפאכע. ווער עס פאַרניכטעט מער שונאים, דער געווינט און איז אַ העלד.

אָבער מיר ווייסן דאָך עפּעס, וואָס פּאַר אַ באַדייט עס האָט אזא קליי־נער ראַיאָן ווי אונדזערער. פּאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז זיי קאָנען אונדזער ראַיאָן איינגעמען צו יעדער צייט. ווער ווען זיך זיי שטעלן אין וועג, די פּאָר באָרוועסע זעלנער, וואָס האָבן נישט מיט וואָס צו שיסן?

די גנבים האָבן דאָך אַלץ פאַרקויפט, פאַרטאַכליעוועט. דאָס געווער, די עראָפּלאַנען; און דאָס ערגסטע — דעם פּוילישן כבוד. אָ, הינטיש בלוט, — האָט ער געביילט אַ פויסט. — איך וואָלט זיי אַלע אויף די לאַמטערנעס אויפגעהאָנגען, די פאַרעטער.

— יאָ, — איז מרגליות געוואָרן דרייסטער. — ערשט נעכטן האָט מען געכאַפּט סטאַנקעוויטשעס זון מיט אַ געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט. דער פּאָל־קאָווניק קען דאָך סטאַנקעוויטשן. אָ, ווי דער דאָזיקער געמאַכטער פּאַט־ריאָט האָט עס געקעמפט קעגן אונדז יידן.

ס'איז נישט געווען קיין איין בבא־מעשה, וואָס ער זאָל קעגן אונדז נישט האָבן אויסגעטראַכט. איך בין זיכער, אַז ווען ער האָט נישט קיין מורא, איז ער גרייט צו שפּילן זיך מיט אונדזערע קינדער, ווי ער שפּילט זיך אויף יאָגד מיט זיין געווילד.

און ווי ער האָט זיך עס ליציטירט אין פּאַטריאָטיזם, דער דאָזיקער פאַרעטער, נאָר וואָס עס וווּנדערט מיך, איז נישט אויף אים, און ער איז נישט געווען איינער, נאָר אויף דער גאַנצער רעגירונג. ווי אומבאַהאָלפן זי האָט זיך אַרויסגעוויזן.

נאָך אייניקע וואָכן פאַרן דייטשן אָנפאַל איז גענעראַל סקלאַדקאָווסקי אַרומגעפאָרן איבער פּוילן, נישט חלילה צו קאָנטראָלירן די ארמיי, די גרענעצן, נאָר צי די נייע פאַרקאַנעס זענען געמאַכט לויט די לעצטע פאָר־שריפטן.

און דאָ, שוין הינטער די פּלייצעס, איז געשטאַנען א גרייטע דעם שונאס ארמיי. ס'איז דאָך נאָר צום לאַכן, ווען עס וואָלט נישט געווען אַזוי־טרויעריק, מיט וואָס מען האָט זיך עס פאַרנומען פאַרן אָנפאַל. איין זאַך איז זיי נאָר געלעגן אין זינען — די יידן.

ווען דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד האָט צוריק אָנגעהויבן זינגען: „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס", איז ביי פּוילן געווען פאַרקערט: „יידן איבער אַלץ"... און דער טייוול האָט די בעק'ס איבערגעכיטרעוועט.

ווי מען גיט אַ צום טויט פאַרמשפּטן נאָך אַלע זיינע גלוסטונגען, אַזוי האָבן די דייטשע באַרבאַרן צוגעוואָרפן די בעקס אַ פּעטן ביין מיט טשעכאָסלאָ־וואַקיע, כדי ביידע מלוכות צווישן זיך צעקריגן און אָפּשוואַכן, עס זאָל זיי שפּעטער זיין גרינגער ביידע איינצושלינגען.

— יאָ, לייבל, מען האָט אונדז פאַרקויפט, צום שונא אויסגעליפערט. הונדערט און פופציק יאָר האָבן מיר געוואַרט אויפן תחית המתים פון פוילן. מיר האָבן געמאַכט בונטן און אויפשטאַנדן. דאָס פּוילישע בלוט האָט זיך ווי וואַסער געגאָסן. אונטער די פערדישע פיס פון די קאָזאַקן האָבן מיר אונדזערע בעסטע זין געוואָרפן. אונדזערע טעכטער זענען פון זייערע קנוטן געקאַטעוועט געוואָרן, און דערנאָך מיטן זעלבן רוסלאַנד, אונטער אַ נייעם נאָמען, — אונדזער פרייהייט אויסגעראַנגלט, כדי אין צוואָנציק יאָר אַרום צוריק אַריינצופאַלן אינעם שוואַבישן פּיסק אַריין ?... אָ, ווי פּאַסקודנע ס'איז אויפן האַרץ — האָט ער דרייענדיק די לינקע וואָנצע, דערווייל אין זיך אַריינגעגאָסן אַ פרישׂ גלעזל.

— טרינק, טרינק, לייבל. וואָס זיצסטו ווי אַ גולם. לאָמיר פאַרגיסן דעם וואָרעם, אין צווייען טרינקט זיך בעסער, — האָט ער פאַרענדיקט.

— אויב דעם „פּאַן" איז ביטער, טאָ ווי איז שוין אונדז יידן ביטער אויפן האַרץ ? מיר זענען דאָך אין אַ טאָפּלטער צרה. מיר געפינען זיך צווישן צוויי פייערן. זאָל דעם פּאָלקאָווניק נישט פאַרדריסן פון מיינע רייד.

— רעד, רעד, — האָט אים דאָמבראָווסקי צוגעגעבן מוט. — אָט אַזוי האָב איך ליב, לייבל. דאָס איז די מעלה פונעם גלעזל. עס רייניקט און עפנט דאָס האַרץ. ווי מען רייניקט און מען עפנט אַ פאַרשטאָפּטן קאַנאַל. אַן אָפן האַרץ איז ווי אַן אויפגעריסענע מכה, וואָס נאָכן אָפּוואַרפן דעם שמוץ, ווערט דעם קראַנקן גרינגער.

— צווישן צוויי פייערן זאָג איך, — האָט לייבל פאָרגעזעצט. — צווישן די פּאָליאַקן יידן־פיינט, און די מאָרגנדיקע אָקופּאַנטן. אמת, די שוואַבן זע־נען אַ גרעסערע סכנה פאַר אונדז, אָבער אין זייער אָנוועזנהייט, האָב איך מורא, וועלן זיך אונדזערע שכנים אויך פאַריכטן.

עס איז אַן אַלטער כלל : אַז אפילו א צדיק באַהעפט זיך מיט אַ רשע, ווערט ער אויך אַ רשע. דאָס שלעכטס איז צוציענדיקער ווי דאָס גוטס, בפרט ווען עס לוינט. די חיה אינעם מענטש הערט קיינמאָל נישט אויף צו זיין חיה. זי ווערט נאָר אויף אַ צייט געצוימט. נאָר זי זיצט אין אים.

איז דעריבער אָנרייצן איר זייער גרינג. מען דאַרף איר נאָר אָפּלאָזן פון דער קייט...

און טראָץ אונדזער בשותפותדיקייט, — זענען מיר דער שוואַכערער צווישן אייך. פאַרשטייט שוין דער „פּאַן" אונדזער לאַגע?

— ניין, לייבל, איך בין מיט דיר נישט מסכים, — האָט דאָמבראָווסקי אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און א צי ארויף געטאָן די וואָנצעס, ווי תמיד ווען ער איז אַ ביסל אויפגערעגט און רעדט איבער ערנסטע ענינים — איר זענט טאַקע ביי אונדז א מינדערהייט, און דערפאַר זענט איר טיילוויז אַליין שולדיק, וואָס אונדזערע לאַבוזעס, די יונגע סמאַרקאַטשעס, האָבן אָנגע־הויבן צופיל ווילדעווען איבער אייך. ווייל, ווי נישט קיין קאַטאָליקן, דאַרפט איר זיך נישט אַזוי רייסן, ווו מען דאַרף נישט. איך האָב ליב דעם אמת. ווען מען לאָזט אייך, וואָלט איר דעם גאַנצן אויבנאָן פאַרכאַפּט. און לויט אייער צאָל, האָט איר שוין געווען פאָזיציעס פאַרנומען. וואַצעק און יאַנעק ווילן אויך האָבן אַ חלק אין זיין מלוכה. נישט אמת, לייבל?

נאָר קיין פרעמדע זענט איר פאָרט נישט ביי אונדז. איר זענט אונ־דזערע ברידער און קאַמפס־ברידער. אָ, ווי איך האָב ליב צו לייענען איבער בערעק יאָסעלעוויטש. דאָס איז געווען אַ יידישער „זוך". ער זעט דאָך אױ־גאַנצן אויס ווי אַ פּאָליאַק, גאָרנישט ווי קיין ייד.

און אויך דיך, לייבל, האָב איך ליב. האָסט מיר געראַטעוועט דעם באַטאַליאָן, — האָט ער ארומכאַפּנדיק מרגליותן מיטאמאָל זיך מיט אים צעקושט. — און זיי, אונדזערע זשוליקעס, וואָלט איך ווי וואָנצן צעקוועטשט. שלאָגן גאָר, פּאָגראָמירן אונדזערע בירגער, דאָס איז נישט שלאַכטיש און קאַטויליש. כאָטש איר יידן האָט זיך אויך נישט אַזוי שלאַכטענע באַגאַנגען מיטן דערלייזער...

— ווי איך זע, פּאָלקאָווניק, האַלטסטו אונטער סקלאַדקאָווסקיס „אָוו־שעם": שלאָגן, טאַקע נישט, נאָר צונעמען די פּרנסות, יאָ. און ווו איז דער שכל? אויב מיר זענען גלייכע בירגער, פאַרוואָס קומט אונדז נישט קיין גלייכע רעכט? און קיין שום פּאָזיציעס האָבן מיר נישט פאַרכאַפּט. מיר האָבן זיי אַליין געשאַפן. כמעט פון גאָרנישט אַרויס זיי געשאַפן. נאָך מער: איר אַליין האָט אונדז אפילו גערופן די דאָזיקע נאָך לידיקע בלויזן אויסצופילן. און איר זענט לכתחילה אפילו געווען שטאַרק צופרידן, ווען מיר האָבן דעם דאָזיקן באַשאַפונגס־פּראָצעס באַוויזן. נאָר ערשט נאָכדעם ווי מיר האָבן

דאָס באַוויזן, ווען מיר האָבן מיט אַ בינען־פלייס אין פאַרלויף פון דורות פוילנס שטעט באַבויט, אינדוסטריען פאַרלייגט און האַנדלס־נעצן געשאַפן, און דורכדעם פוילן באַרייכערט, ערשט דאַן האָט איר גענומען גלאָצן מיט אייערע קנאה־אויגן אויף אונדז.

אַזוי איז אין פוילן, און אַזוי אויף דער גאַנצער וועלט. די וועלט איז איינע. און דער מענטש איז איינער און דער זעלבער. און אויך דעם יידס גורל איז איינער און דער זעלבער.

ווי אַ פלאַם האָט זיך די קנאה־שנאה אין אייך צעברענט. בפרט, ווען מען קאָן ביי אַזאַ פייער אָנווארעמען די רוצחישע און נאָך פרעמד גוטס גי־ריקע הענט. און איר האָט אין אונדז נאָר דעם רייכן און גליקלעכן געזען. קיינמאָל ביי אונדז קיין נויט און קיין צער נישט געזען. אין אונדזער נשמה נישט געוואָלט אַריינקוקן.

נאָר די קנאה־שנאה האָט נאָך אַ צווייטע זייט. נישט נאָר וואָס דער אייביקער שונא פון פוילן נוצט עס אויס, כדי וואָס גרינגער צו פאַרקנעכטן פוילן און די וועלט, נאָר זי אַליין, די קנאה־שנאה, איז אַ שווערד מיט צוויי עקן, פאַר דעם וואָס באַנוצט זיך מיט איר. אַזוי איז שוין די טבע פונעם טייוול. נאָכן פאַרצערן זיין קרבן און זעטיקן אויף אַ צייט זיין גיריקייט, זוכט ער זיך אויס אַ פרישן קרבן, ווער ער זאָל נישט זיין. ווייל צוגעוווינט צו בלוט און רויב, מוז ער שוין דאָס שטענדיק האָבן. און דאַן וועט אַ צוויי־טער זיין אויף אונדזער אָרט. נישט אויסגעשלאָסן אונדזערע היינטיקע פיי־ניקער און אונטערדריקער.

אַצינד וואָס שייך דעם „דערליזער". איך וואָלט נישט וועלן, פאָל־קאָווניק, באַרירן אזא פאַר אונדז דעליקאַטע פראַגע, אין וועמענס נאָמען פאנאטיקער און אַלערליי פאַרברעכער זויגן אונדזער בלוט שוין אַריבער צוויי טויזנט יאָר. נאָר איינס קאָן איך זאָגן: נישט מיר האָבן וועמען צוגע־שמידט צום קרייץ, נאָר דאָס איז גאָר דער ייד, דער אייביקער ייד, וואָס איז אויפן קרייץ... און נישט איין ייד איז געקרייציקט, נאָר מיליאָנען יידן ווערן דורך אייך אויף פאַרשידענע אופנים געקרייציקט. און אלדאָס איבעריקע איז אַ פאַרפירעניש און ליגנט. און אויב מיר זענען אין עפּעס שולדיק, — איז עס נישט פאַר יענעם אַקט, פאַר וועלכן עס איז בלויז פאַראַנטוואָרטלעך פּאָנטיוס־פּילאַטוס, רוימס דעמאָלטיקער פאַרשטייער, — און דעם געקריי־

ציקסטנס אייגענע אומבאַהאָלפנקייט, — נאָר פאר אונדזער אייגענער עקש־נות... פאַרן אומשטערבלעכן גלוסט וואָס אין אונדז, צום באַזונדערן זיין...

ווייל שוין מיט אונדזער בלויזן ייד־באַוווסטזיין, — זענען מיר דער זיך אַליין־באַשטימענדיקער קרבן. — ס׳איז דער עקידה־גאַנג, וואָס מיר האָבן אויף זיך אַליין גענומען נאָך פון בראשית, און וואָס ווערט פאַרשטאַרקט דורך דער צעריסנקייט און צעשפּאָלטנקייט וואָס אין אונדז...

און אייער „דערלייזער״, — דאָס שטערבלעכע קינד פון זיין פאָלק און צייט — וואָס האָט דורך זיין אייגענעם ערדישן פּיין אַנטפּלעקט גאָר זיין הילפלאָזיקייט, קאָן נישט זיין די האָפענונג און די דערוואַרטונג פון דער וועלט, וואָס ווייקט זיך אין דעם זיך אַליין געשאַפענעם בלוטיקן ים.

און ווי לאַנג דער ייד וועט זיין דער קרבן און די שווערד פון דער ציוויליזאַציע וועט הענגען איבערן מענטשס קאָפּ, קאָן נישט און ס׳וועט נישט זיין קיין דערלייזונג. די דערלייזונג קאָן נאָר קומען, ווען יעדער מענטש וועט זיין זיין אייגענער גואל... ווען ער וועט במעשה אַרויסברענגען גאָר דאָס גוטסקייט און מענטשלעכקייט, און זיין גייסט וועט זיך אויפהייבן איבער די ערדישע פלאַכן און וועט דעם גאַנצן באַשאַף ווי מיט אַן אָדלער־בליק אַרומנעמען אין איינס...

און ערשט גאָר די גאולה וועט זיין, ווען דער בן־אדם וועט דעם טויט אַליין באַזיגן. נאָר דאַן, דאַן, וועט זיין דער סוף פון די טעג...

דער פאַן דאָמבראָווסקי האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיך אין זיין גאַנצער גרויס. ער האָט דערפילט דעם פאָלקאָוויק אין זיך און וואַקלענדיק זיך ווי אַ בענקל אויף דריי פיס, האָט ער מיט אַ באַפעלערישן טאָן ווי אַמאָל, אַ זאָג געטאָן צו מרגליותן:

— הער כאַראַנזשי, גענוג מיט דער געטער־געשיכטע! זאָלן זיי זיך אַליין אַרומרייסן און נישט אונדזביידע צעקריגן.

מיר האָבן גענוג מלחמות אָן זיי, צום טייוול! איך קען זיך נישט אויף זיי. איך בין אַ קאַטאָליק אָן קונצן. איך זאָג מיין „פאַטשער״, בין זיך מתוודה, ווייטער ווייס איך נישט.

און, כאַראַנזשי, קאָנסט מיך גאָרנישט חושד זיין. געדענקסט ווי איך האָב צעפּאַטשט קאָזלאָווסקין מיט זיין גרופּע אויפן סאַמע מאַרק אין פּיוסק, אַ ?

— אַזוי איז עס! — האָט זיך מרגליות אויך אויפגעשטעלט און אויסגעגלייכט זיך ווי שטייענדיק צום ראַפּאָרט.

— ראַבעווען גאָר, ביי יידן ראַבעווען וועלן זיי ביי מיר, — האָט זיך דער פּאָלקאָווניק צעקאָכט, ווי דאָס וואָלט ערשט אַצינד פאָרגעקומען און ער שטייט אויפן מאַרק־פּלאַץ אין פּיוסק, הינטער לובלין, פילנדיק דעם ווייטיק אין זיין רעוומאַטישער האַנט פון די פייערדיקע פּעטש, וואָס ער האָט דערלאַנגט דעם צעפּאַקטן קאַפּראַל קאָזלאָווסקי און זיינע צוויי קאָלעגן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַ יידיש הויז ראַבעווען, ווען דער פּאָלק איז נאָר־וואָס געהאַט אָנגעקומען קיין פּיוסק, לויפנדיק פון בוג ביז דער ווייסל.

— דערשיסן האָב איך זיי געוואָלט, ווי די הינט דערשיסן, פאַר באַעוולהן אַ פּוילישן בירגער און אָנרירן דעם כבוד פון דער אַרמיי, ווען נישט מיין אַדיוטאַנט, וואָס האָט מיך דערפון אָפּגעהאַלטן. „ס'איז נישט געזעצלעך אָן אַ געריכט" — האָט ער געטענהט. און איך האָב זיי תיכף איבער־געגעבן צום פעלד־געריכט. וואָס מיינען זיי, די ליידאַקעס, יידן זענען נישט קיין פּוילישע בירגער, זיין פון פּוילן? — האָט ער שוין צוזאַמענגעמישט די פאַרגאַנגענהייט מיטן איצט. — קיין קאַרטוז־בערעזע וואָלט איך זיי גע־שיקט, זייער לייב געקאַטעוועט, פאַר כוליגאַנעווען קעגן אונדזערע מיט־בירגער.

די צונג האָט זיך שוין ביים פּאָלקאָווניק געפּלאָנטערט. אויף זיינע אַלטע באַקן איז אַ צעפלאַמטע רויטקייט אויפגעגאַנגען ווי רויטע זון־פּאַסן אין מאָרגן. די קעצישע אויגן האָבן מיט פונקען געשפּריצט ווי צעגליטער אייזן אונטער די קלעפּ פונעם שמיד.

דער אַלטער מעד און די „וווּדקע", וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין אַריינגיסן אין זיך, האָט אים שוין גוט צענומען. האָט די שאַרפקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין אַלע זיינע געוועבן און קעמערלעך, אויך דערגרייכט צו זיין מוח, איינהילנדיק זיינע געדאַנקען אין אַ נעפּל.

פאַרמאַטערט פונעם האַסטיקן רעדן און נערוון־אָנשטרענג, האָט ער זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט. מרגליות האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אייגנטלעך אים גאָרנישט געפרעגט וועגן זיין זון און פרוי. האָט ער געוואָלט פאַריכטן דעם פעלער און פאַרענדיקן דעם שוין צו לאַנגן וויזיט.

— איך האָב פאַרגעסן, ווו איז די „פאַני פאָלקאָווניקאָוואַ״ און וואָס הערט זיך מיט אַנדזשעיען, הער פאָלקאָווניק?

— יאַדוויגאַ איז אין קליניק. זי לײדט שוין אייניקע חדשים אויף אַ לייכטן פּאַראַליזש. אַלט געוואָרן מיין יאַדוויגאַ, שוין אַ צעבראָכענער שאַרבן. צוליב איר טאקע בלייב איך דאָ. איך וואָלט אפשר אויך אַוועק. קאָשטשאַל־קאָווסקי האָט מיר פאָרגעלייגט מיט אים מיטצופאָרן. א ליבעראַלער מענטש געוועזן דער מיניסטער קאָשטשאַלקאָווסקי, וואָס זאָגסטו? צו אים וועט איר שוין נישט האָבן קיין טענות.

ער האָט זיך גענומען אַ יידישקע מיט שוואַרצע אויגן. אַן אַלטע טראַדיציע אזא, ליב האָבן יידישע פיש מיט יידישקעס. וואָס שאַדט עס. צום אַלטאַר גייט מען מיט אַן אייגענע, נאָר שפּילן שפּילט מען זיך מיט אַ יידישקע...

אפשר אויך אַזוי געדאַרפט טאָן. אַצינד איז שוין צו־שפּעט. וואָלט יאַדוויגא כאָטש געוועזן געזונט, טויג זי אָבער שוין צו גאָרנישט. א „שברי כלי״... און פון אַנדזשעיען האָב איך נישט קיין שום ידיעה, ווי אין וואַסער אַריין. ער איז אוועק מיט זיין שוואַדראָן קיין מאַזאָוושע, האָבן אים, ווייזט אויס, די שוואַבן צערעכט געמאַכט.

טרינק, לייבל, טרינק, — האָט ער פאַרענדיקט און דערווייל אַריינ־געוואָרפן נאָך אַ גלעזל.

מרגליות האָט זיין גלעזל פלינק אַרונטערגעגאָסן אונטערן טיש און אַ קוק־טוענדיק אויף זיין זייגער, האָט אויך ער פאַרענדיקט:

— אַ שלעכטע צייט איז אויף אונדז געקומען. די בעסטע האָט זיך אָפּגעריסן פון דער קייט. זי איילט זיך מיט איר גאַנצן חיהשן אימפעט אַלעמען צו פאַרצוקן.

נאָר דער ערשטער קרבן זענען דערווייל מיר. שטענדיק און אומע־טום זענען מיר די ערשטע. און איך פיל, פאָלקאָווניק, אַז מיר וועלן זיך מוזן פאַנאַנדערגיין. פאַנאַנדערגיין מיט אונדזער טויזנטיאָריקער היים, מיטן לאַנד, ווו מיר זענען צוזאַמען אין לעגענדעס פאַרוועבט גע־וואָרן. אסתרקע, שאול וואַל, בערעק יאָסעלעוויטש, ר׳ בעריש מייזלש, פשיסכע, קאָצק, לובלין, זענען דער שטאָף מיט וועלכן מיר האָבן אַ בשות־פותדיקן קראַנץ געפלאָכטן. אונדזערע דיכטער און שרייבער האָבן פונעם

פויליש־יידישן צוזאַמענזיין גאָלדענע פעדים געוועבט. זיי האָבן אונדזערע פריידן און ליידן אויף דער דאָזיקער ערד מיט אַ הייליקן עקסטאַז באַזונגען.

און די מאָלער און היסטאָריקער האָבן פונעם דאָזיקן פולפאַרביקן לעבן אייביקייט־מאָנומענטן פאַר אונדז און פאַר אייך אַוועקגעשטעלט. און אַ בלבול, אַ שווידערלעכער בלבול וועט עס זיין.

ניין! נישט מיט קיין פאַרלייגטע הענט איז דער ייד דאָ געזעסן. נישט געפּוסט און פּאַסעוועט ווי אַנדערע. — נאָר אייביק אַ פאַרהאָרעוועטער איז ער געווען. פון טרעגער־יונג ביזן למדנישן בטלן האָט יעדער איינער אויף זיין שטייגער זיין לאַסט פאַר פּוילן געטראָגן און צו פּוילנס אויפבוי און אַנטוויקלונג זיין האַנט צוגעלייגט. נאָר אַצינד קומט צו דעם אַלעם אַ סוף.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו דאָמבראָווסקין. דער פּאָלקאָווניק האָט אים אַרומגעכאַפּט און זיך מיט אים וואַרעם צעקושט. מרגליות האָט דערפילט אויף זיין הויט דעם פּאָלקאָווניקס שטעכיקע וואָנצעס און אַ נאַסקייט אויף זיינע באַקן און מיט אַ „ווידערזען" איז ער אַוועק.

## קאַפּיטל פינף

# די שטאָט געוואוינט זיך צו

ווי טיטוסעס פליגעלע האָט זיך גענומען צוגעוואוינען צום קלאַפּן פון האַמער, אַזוי האָט זיך די שטאָט גענומען צוגעוואוינען צום רוישן און קרייזן פון די דייטשע באָמבאַרדירערס. ענדלעך האָט זיך די שטאָט אַרומגעזען, אַז ס'איז נישט קיין תכלית צו לאָזן פריי אַרומשפּאַצירן די „מעסערשמידן". און אויפן שפּיץ פון פייערלעשער־טורעם האָט זיך באַוויזן אַ מאַשין־ביקס, וועמענס שטאָלענער גאָרגל איז געווען אויסגעשטרעקט צום הימל.

די עראָפּלאַנען האָבן עס אָבער גלייך גענומען אויפן ציל, און ס'איז צוזאַמען מיטן טורעם צעשמעטערט געוואָרן. און מער איז שוין קיין „זעניט־קע" נישט געוואָרן אַרויסגעשטעלט. כאָטש די געשעפטן זענען געווען פאַר־מאַכט און אין שטאָט האָט געהערשט אַ שבת־שבתון, איז אָבער אין דער שטיל אָנגעגאַנגען אַ האַנדל.

באַזונדערס האָבן זיך געפונען בעלנים אויף צו כאַפּן מציאות ביי די, וואָס אַנטלויפן פון שטאָט. בפרט ביי די מלוכהשע און קאָמונאַלע מאגאזינען און קאָאָפּעראַטיוון, וועמענס פונקציאָנאַרן האָבן אין איילעניש אַלץ אויס־פאַרקויפט און זיך געגרייט מיטן געלט צו אַנטלויפן אין דער שטיל.

לייבעלע האָט אין שטוב איבערגערעדט וועגן אַוועקפאָרן.

— רחל, מען דאַרף וואָס גיכער עוקר צו זיין פונדאַנען. די דייטשן וועלן אַ ליאַדע טאָג אָנקומען.

— און וווּ וועסטו פאָרן, ווו וועסטו זיך שלעפּן מיט די קינדער און זאכן? ס'איז נישט פאַר דיר צו שלעפּן זיך. גלייך זיך נישט צו אַנדערע, ווייל דו ביסט אַ שוואַכער, — האָט זי פאַרענדיקט.

— איז וואָסזשע ווילסטו בלייבן מיט די דייטשן און איינשטעלן דאָס לעבן?

— אַ גאַנצע שטאָט יידן בלייבן, ווערן מיר אויך בלייבן. פון וואַרשע קומען אָן ידיעות, אַז ער הרגעט נישט קיין יידן. און וואָס ס׳וועט זיין דער גורל פון אַלע יידן, וועט אויך זיין אונדזער גורל. דער גורל פונעם ייד איז איינער.

— יאָ, דער יידישער גורל איז טאַקע איינער. דאַרפן מיר דעריבער פאַטאַליסטיש אים אָפּוואַרטן, אים נישט באַקעמפן; לכל הפחות אים אפילו נישט אַרומגיין, אויסמיידן?

אָט אַזוי רעדן דאָך כמעט אַלע יידן. זיי וועלן דעם טייוול אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן פון געבן אים אַ גרינגן שניט. האָסט שוין געזען, אַז דאָס שעפּ־סעלע זאָל אַליין קריכן צום וואָלף אין פּיסק אַריין?...

— וואָסזשע זאָלן די יידן טאָן?

— וואָס זיי זאָלן טאָן? — האָט שוין לייבעלע איבערגעחזרט אַ דע־נערווירטער. — זיי זאָלן אַלע פאַרלאָזן די שטאָט. מענער, פרויען און קינ־דער. פאָרן ווו נאָר ס׳לאָזט זיך. נישט קוקן אויפן פאַרמעגן. דאָס נפש איז טייערער.

די שטאַרקע, די יונגע, זאָלן גיין אין די וועלדער זיך שלאָגן ווי פּאַרטיזאַנער. גיין אין די דייטש־פיינטלעכע אַרמייען און רייסן פון אים שטיקער. און אומצוקומען, זאָלן זיי פאַלן מיט כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר שמשונס און זין פון מכביייער.

— וואָס זאָגסטו צו דעם העלד, וואָס קען קיין צען פונט נישט אויפ־הייבן, ווי ער רעדט, אַ? איך זאָל זיך אים שלעפּן מיט די קינדער און די בעבעכעס, און איבערלאָזן די מאַמע מיט די שוועסטער און די גאַנצע פאַמיליע.

לייבל איז אַרויס אויף זיין גאַס. אויף דער גאַס זענען געשטאַנען גרופּקעלעך יידן, וואָס האָבן געגלאָצט מיט די אויגן צום הימל און צו די דייטשע אַרומקרייזנדיקע עראָפּלאַנען, שמועסנדיק פון פּאָליטיק. לייבלס נאָענטקייט האָט זיי אַ ביסל אויפגעלעבט.

— וואָס הערט זיך, לייבעלע? — האָט אים אַריינגערוקט אַ קרעפּקע האַנט שמעון מינץ, אַ וועבער־מייסטער. — האָסט שוין געהערט פון דער מפּלה, וואָס דער יעקע האָט אַריינגעכאַפּט אין בעלגיע?

מען האָט אים די גאַנצע אַרמיי צעקלאַפּט. מען זאָגט, אַז עס גייט אַ שטאַרקע ענגלישע אַרמיי אויף וואַרשע, מיט אַ ריזיקע צאָל עראָפּלאַנען און מען וועט צוריק אָפּנעמען ביי אים די פאַרנומענע געביטן.

— און איר גלויבט די אַלע בבא־מעשיות ? — האָט שוין לייבל גע־רעדט נישט נאָר צו מינצן, נאָר צו אַלע צוהערער. — וואָס טוט זיך דאָ ! דאָס איז דאָך אַן אומגליק פאַר יידן. דאָס איז אוודאי די אַרבעט פון אונ־דזערע שונאים. זיי ווילן אונדז צעמישן, ביי אונדז אָפּנעמען דעם שכל, כדי גרינגער צו מאַכן דעם טייוולס אַרבעט. ס׳איז אַן אומגליקלעכער אָפּטימיזם, וואָס וויל אונדז אריינגעמען אין אַ פאַסטקע פון אומקום.

אויב דער־אָ אָפּטימיזם טראָגט נאָך אין זיך אַ געזונט קערנדל פאַר די פּאָליאַקן, כדי זיי זאָלן איבערהאַלטן די שלעכטע צייט, אויסהאַלטן די פיינטלעכע אָקופּאַציע, איז עס דאָך פאַר אונדז יידן ממש אַ קאַטאַסטראָפע.

די דאָזיקע בבא־מעשיות זענען די שוואַרצע קייטן, וואָס דאַרפן אונדז צושמידן צו די ערטער און אונדזער גייסט פאַרגליווערן, אים מאַכן באַוועגלאָז.

דערמאָנט זיך : נאָר וואָס האָט די פּרעסע געשריבן וועגן דער דייטשער אַרמיי, אַז זי איז אַ „פּאַפּירענע״. אירע האַרמאַטן זענען טאַנדייטנע, די פּלאַטן פון די טאַנקן זענען נישט פון קיין שטאָל, נאָר פון בלעך. און ביים ערשטן צוזאַמענשטויס מיטן שונא וועלן זיי זיך צעפאַלן.

דאַקעגן די פּוילישע ארמיי, זי איז מעכטיק, קיינער וועט איר נישט קענען באַזיגן. און דאָ גאָר האָבן די פּוילישע זעלנער באַלד אין אָנהייב נישט געהאַט מיט וואָס צו שיסן.

די דייטשע „מעסערשמידן״ קרייזן פראַנק און פריי איבער די פּוי־לישע הימלען און קיינער נעמט מיט זיי נישט אויף קיין קאַמף. און ווו איז אייער שכל ? דאָס ענגלישע פאָלק איז אַליין אויף צרות. דער יעקע רייסט זיך אַריבערצוגיין דעם לאַמאַנש־קאַנאַל, ענגלאַנד שטייט אַליין אינעם גע־ראַנגל פאַר איר קיום, קאָן זי אצינד שיקן ארמייען קיין פּוילן ?

— איז וואָסזשע מיינסטו וועט זיין — האָט פון דער זייט אַריינגע־וואָרפן שלמה שוחט, אַ הויכער ייד מיט אַ צעוואָקסענער, געלער באָרד, וואָס האָט זיך אים ווילד געשפּרייט איבערן פּנים ווי ווילדע בערעלעך קריכנדיק אים צו די אויגן.

— וואָס עס וועט זיין, פרעגט איר, ר׳ שלמה? — האָט לייבעלע די פראַגע איבערגעחזרט. — עס וועט זיין נישט גוט. די דייטשן וועלן גיין פאָרויס. זיי וועלן פּרוּוון אַלע באַזיגן, הגם צום סוף וועלן זיי פּלאַצן ווי אַן אָנגעבלאָזענע זשאַבע.

נאָר דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל. מיר גייט אָבער אין איינס. אין אונדז אַליין. זיי וועלן פּרוּוון פאַרשטאַרקן זייער שפּיל קעגן אונדז. אָבער יידן טאָרן נישט ריזיקירן אַפילו אויף אַ ספק פון סכנות נפשות.

ס׳איז געווען זיך צוצוהערן צום דייטשן ראַדיאָ, ווו די עמלקים ריטשען ווי די ווילדע חיות קעגן אונדז. און ווי זיי זינגען מיט אַ באַנומענעם עקסטאַז דאָס האָרסט־וועסל־ליד, זייער נייעם הימן: „ווען דאָס יודן־בלוט פון מעסער שפּריצט, איז דאָס נאָך אַ מאָל אַזוי גוט״, אַז דאָס בלוט אין אונדז זאָל פאַרגליווערט ווערן, און מיר זאָלן אויפוואַכן מיט אַ מכביאישן שטאָלץ און מוט קעגן אונדזערע גרעסטע שונאים, אָנשטאָט רעזיגנירט מיט זיי הויזן און איינשטעלן דאָס לעבן.

יאָ, אויב טרעפן זיך מיט זיי, איז נאָר אין קאַמף. אין אַ גערילן־קאַמף, אין אָפענעם שלאַכט, ווי איינער קען. אויף דעם איז חל: „כל השמנים כשרים לדיו״. אַלע קאַמפּס־מיטלען זענען כשר קעגן לעבנס־שונא. און אויב אומקומען, זאָל כאָטש זיין „תמות נפשי עם פלשתים״.

אַ צווייטער באָמבאַרדירער איז פּלוצים אַפּערגעקראָכן פון אונטער די וואָלקנס, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי שווימענדיקע ווייס־געקרייזלטע פעלעכלעך איבער א טונקל־בלאָען ים.

ער האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער גרויס, און מיט אַ גערויש פון מענומען קרייזן איבערן פאַרזאַמלטן געזעמל. די יידן זענען זיך צעלאָפן. אַ שאַרפער קנאַל האָט תיכף אויפגעפּלאַצט און אויפן האָריזאָנט איז אויפגעגאַנגען אַ שוואַרצער קנויל.

דער קנויל האָט זיך אין דער הויך געוויקלט ווי אַ וויקלענדיקער שוואַרצער שלאַנג, און איז ערגעצוו פאַרשוווּנדן. דער אויפרייס איז נישט געווען ווייט פון דאַנען, און דער פליער האָט צילנדיק אינעם נאָענטן באַן־דעפּאָ, פאַראייניווערגס שוין אויך אריינגעטראָפן אין אַ געדיכט־באַוווינט הויז.

דאָס אַלטע געמויערטע הויז האָט זיך לייכט אונטערגעגעבן. דאָס הויז איז זיך צעפאַלן און האָט זיך צעשאָטן אויף שטיקער. און אונטער אירע חורבות האָבן זיך געוואַלגערט צעריסענע מענטשלעכע גופים און גלידער.

*

„זאָל ער אַוועקגיין, איבערלאָזן די פרוי מיט די קינדער, ווי אַנדערע טוען? איר איבערצייגן איז אוממעגלעך. פון איין זייט האָט זי אפילו אַ שטיקל מאָראַלישן מאָטיוו. זי וויל נישט איבערלאָזן די מאַמע.

אָבער איז דאָס געגנוג? איר מוטער האָט דאָך נאָך קינדער. און אפילו ווען נישט, מעג זי איינשטעלן די אייגענע קינדער, זיך און דעם מאַן, צוליב דער מאַמען? אין דער גרעסטער סכנה איז ער דאָך אליין. די דייטשן וועלן דאָך קודם־כל זיך אָפּשפּילן אויף די מענער. אַזוי מיינען דאָך אַלע. און דערפאַר טרייבן טאקע די פרויען ארויס די מענער פון שטוב. און זי ווייסט דאָך גוט, אַז די משחיתים האָבן מיט אים גאָר אַ באזונדערן חשבון. איז „זי" ושעו איז איר ליבע און געטריישאַפט צו אים?

„יאָ", האָט ער צוריקגעטראַכט. „משונהדיק איז די מענטשלעכע פּסיכיק און געהיימנישפול דאָס מענטשלעכע געפיל. די לאָגיק איז אָפטמאָל צו שוואַך צו באַנעמען דעם מענטשס מעשים. און ווען זיי זעען אונדז אפילו אויס אין סתירה צו איר, — הייסט עס נאָך נישט, אַז זיי זענען אין דער אמתן אין סתירה צום מענטש גופא, צו זיינע אמתע געפילן און באַגערן.

עס קאָן אויך אַן איבערטריבן געפיל טרייבן צו גאָר אַ פאַרקערטן רעזולטאַט. אָדער, קאָן אַמאָל אויך אַ חיהשער אינסטינקט איבערקערן ווי מען קערט איבער אַ פעלץ דעם אייגענעם לכתחילהדיקן ווילן און פאַר־וואַנדלען אים אין זיין קעגנזאַץ".

דער לעבנס־שטראָם האָט אים באַצוווגען. ער האָט אים אַריינ־געצויגן אין זיין געווירבל, ווי צווישן די שאַרפע ציינער פון א דרייענדיק ראָד. און דער דאָזיקער שטראָם האָט ווי אַ מילשטיין, וואָס צערייבט זיינע קערנער, צעריבן יעדן בונט אין אים...

ער אַליין האָט, אמת, מיט דעם נישט משלים געווען. ער, וואָס באַגרייפט אַזוי די זינלאָזיקייט דערפון און וואָס פרעדיקט פאַר אַנדערע דאָס אַנטלויפן, זאָל אַליין גאָר אַרויסווייזן זיין שוואַכקייט? ער האָט אָבער ווי אַ טרינקער־דיקער, וואָס כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, זיך אָנגעכאַפּט אין אַ דינעם פאָדים פון אַן אייגן באַגרינדעטע מאָראַל. ער קאָן נישט אַליין אַוועקגיין. ס'וועט אויסזען און מען וועט עס אויסטייטשן לרעה. מען וועט זאָגן, אַז ער איז

אַ פּחדן. ער וויל בלויז ראַטעווען זיין אייגענע הויט. צוזאַמען מיט דער פאַ־מיליע איז עפּעס אַנדערש.

ער ווייסט, אַז די דאָזיקע אויסטייטשונג, און אפילו דער בלויזער שקול הדעת וועגן דעם, אינערהאַלב דער פאַמיליע, אין אַזאַ צייט פון סכנה פאַרן פאָלק, געהער אויך צו די שעדלעכע עלעמענטן. ער קאָן זיך אָבער נישט העלפן. אויך דאָס געהערט צום פאַרכישופטן קרייז פונעם יידישן גורל.

די זעלבע מאָראַל, וואָס קרעפּטיקט דאָס פאָלק אין נאָרמאַלע צייטן, ווערט אַ צעשטערערישער כוח אין נישט־נאָרמאַלע צייטן.

אויף צומאָרגנס איז ער שוין מיט דער פרוי געגאַנגען אין דער מלוכהשער הורטאָווניע. אירע העכערע באַאַמטע האָבן אין אײלעניש געוואָלט פּטור ווערן פון די אָנגעזאַמלטע סחורות און גלייכצייטיק אַריינבאַקומען וואָס מער מזומנים.

דערווייל האָבןביידע צדדים נישט שלעכט געמאַכט. די לעבנס־גיריי־קייט פונעם טאָג, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין ווייטע חשבונות, האָט מיט איר גאַנצער קאָנצענטרירטקייט און אויסגערעכנטקייט פון אַ קרעמער געטאָן אירס...

עס האָט אַפילו נישט געשראָקן די ארומקרייזנדיקע פיינטלעכע עראָ־פּלאַנען. טוליענדיק זיך צו די ווענט, איז מען געגאַנגען אין די איינקויפס־ביוראָען און אונטער דער לויערנדיקער סכנה האָבן אויך די פורמאַנער אַהיימגעבראַכט דאָס געקויפטע.

## קאַפּיטל זעקס

# דער מאָלער קראַנץ

דער מאָלער קראַנץ האָט אין דער יוגנט געהערט צו דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איז געווען ווייט פון יידן. ווערנדיק יונג אַ יתום, האָט די פּאַראָרעמטע מוטער אים נישט געקאָנט געבן קיין געהעריקע דערציונג.

צו דער רעוואָלוציע האָט אים געצויגן נישט אַזוי דער קלאָרער באַוווסטזיין פון איבערבויען די וועלט אויף גערעכטע יסודות, נאָר דער צאָרן און געפיל פון נקמה, וואָס ער האָט געפילט צו אַ געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אונטער וועמענס מאַכט די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן דערמאָרדעט זיין פאָטער.

ער האָט ביים אַריינטרעטן אין זיין קרייז זיך נישט פונאַנדערגעקליבן אין די סאָציאַלע און אין די אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס זענען מיט זיין טעטיקייט געווען פאַרבינדן.

ווען ס'איז אויפגעקומען דאָס נייע פּוילן, האָט ער אַלץ מער אָנגעהויבן אַרויסצוזען די מחיצה, וואָס האָט זיך געשטעלט צווישן אים, דעם ייד, און זיינע איבעריקע קאָלעגן. ער האָט זיך דאַן דערפילט טאָפּל איינזאַם.

כאָטש ער האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס אייגנטלעך עס באַשטייט דאָס באַזונדערע יידישע, וואָס אין אים, האָט אָבער דאָס לעבן אליין, די נייע פּוילישעווירקלעכקייט אים דאָס באַוויזן. זי האָט אים באַוויזן דורך דער אָפּגעקילטער באַציונג פון זיינע אייגענע חברים צו אים, און וואָס נאָך ערגער, דורך די אויפגעקומענע פּאָגראָמען איבער די יידן.

האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט דערדריקט און נידערגעשלאָגן צווישן זיינע אייגענע חברים, וועלכע זענען אַצינד געוואָרן פּראַקטישער און האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן די ניי־געשאַפענע לאַגע פאַר זיך אַליין, אײַ־בערלאָזנדיק אים, דעם ייד, אויף דער פליישבאַנק...

האָט ער זיך גענומען דערנענטערן צו זיינע ברידער. ער האָט אָבער לכתחילה זיך געפילט פונקט אַזוי איינזאַם צווישן יידן, וועמענס לעבן און שטייגער ער האָט ביז היינט נישט געקענט.

דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעהויבן צוריקקערן צו דער מאָלעריי, מיט וועלכער ער האָט נאָך פריער זיך געהאַט באַשעפטיקט. די דאָזיקע קונסט האָט געשטילט זיין ליידנשאַפט צו אַקטיווקייט און האָט באַרויקט זיין צע־שטורעמט געמיט. זיין גאַנץ חיות האָט ער אַצינד אין איר אַריינגעלייגט.

דורך די געמאָלטע סוזשעטן פון זיינע לייוונטן האָט ער געוואָלט צוריקבאַקומען זיין אַמאָליקע קראַפט און גייסטיקן גלייכגעוויכט. ער האָט ווי אַ שיכור געוואָלט פאַרטרונקען דיווירקלעכקייט וואָס אַרום אים, און אויך די אייגענע רעאַליטעט וואָס אין אים אַליין, ביזן אַבסאָלוטן פאַרגעסן.

ס'האָט אים לכתחילה אפילו נישט אינטערעסירט די קוואַליטעט פונעם געמאָלטן. אויך נישט די אויפגעקומענע פאַרשידענע איזמען, פאַר־מען. — ס'איז נאָר געווען דער ווילדער סטיכישער דראַנג צום מאָלן, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט, צו ארבעטן אָן אויפהער מיטן פּענדזל און אַריינלעבן זיך אין די פאַרשידענע סוזשעטן.

איז עס געווען די הנאה פאר שיינקייט, אָדער די באַגייסטערונג פאַר דער געמאָלטער אידעע? ניין! ס'איז געווען בלויז דער אומגעשטילטער באַגער פון עפּעס פאַרווישט צו ווערן, אַליין צו גאָרנישט ווערן... ס'איז דאָן געווען דער קריזיס אין זיין לעבן.

אין דער דאָזיקער צייט האָט ער זיך באַקענט מיט שיינדלען, מרג־ליותעס שוועגערין. שיינדל, אַ קלוג און אינטעליגענט מיידל, האָט זיך באַלד דערקענט אויף קראַנצס קינסטלערישע פעיקייטן און האָט באַנומען זיין קריטישן געמיט־צושטאַנד.

זי האָט געוווּסט, אַז עס זענען פאראן מענטשן, ביי וועמען דער לעבנס־מוט און די ענערגיע איז נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעטויט. נאָר ווי אַ פונק אונטער אַ באַרג אַש טליעט ער אין דער שטיל, אין דער דערוואַר־טונג מען זאָל אים העלפן פונאַנדערבלאָזן.

מען דאַרף נאָר דעם דריקנדיקן באַרג אַש פון אים אראָפּנעמען, אָפּ־בינדן זיינע פליגל און אים צוריקגעבן דעם כוח צו פליען.

זי האָט אים גענומען אין דער האַנט אַריין, צוריקפירנדיק אים אין דער יידישער סביבה. און זי האָט אים ביסלעכווייז אינגאַנצן דעראָבערט דורך איר אינטעליגענץ און גוטסקייט.

קראַנץ האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן פילן גוט אין איר אָנוועזנהייט. די איינזאַמקייט און פאַרלוירנקייט האָט אים ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַר־לאָזן, ביז זי איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. שיינדל האָט אים דורך איר גייסט צוריקגעגעבן זיין אַמאָליקע ענערגיע און לעבנס־קראַפט.

ער האָט שוין אַ מינוט אָן איר נישט געקאָנט זיין. דאָס בלויזע האָבן איר לעבן זיך האָט גרינגער געמאַכט זיין געמיט און אָנגעהאָנגען אויף אים פליגל. ס'איז געווען ווי אַ זוניקע וואַרעמקייט זאָל אין אים אויפגיין, ווי דערקוויקנדיקע זאַפטן זאָלן זיך אין אים צעגיסן און אָנטרינקען אַלע זיינע לעבנס־קעמערלעך.

און ער האָט איר אָנגעהויבן ליב האָבן מיט יענער ליבע, וואָס ווייסט נישט קיין גרענעץ, וואָס פאַרשיכורט און באַטויבט די חושים. ער האָט, איבעריקנס, טראָץ זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ, קיינמאָל נישט גע־האַט קיין קאָנטראָל איבער זיינע געפילן.

איז עפּעס אין אים אויפגעקומען, האָט דאָס דאָזיקע אים אַזוי באַ־הערשט, אַז ער איז פּשוט צעדריקט געוואָרן אונטער דער לאַסט פונעם אויפגעקומענעם. זיין נאַטור איז געווען איין פלאַם פון עקסטרעמקייט, וואָס ווייסט נישט פון קיין חשבונות. זי האָט אָפּגעוואָרפן יעדע שותּפות, יעדע מין טיילונג. דאָס גאַנצע, דאָס אַבסאָלוט גאַנצע פון דעם אריינבאַקומענעם האָט געמוזט געהערן צו אים...

איינזאַמע נאַטורן ציען זיך שטענדיק צום גרויסן שטראָם, וואָס זאָל זיי אינגאַנצן פאַרשלינגען, ווי דער ים דעם טראָפּן... און אויך זי, שיינדל, האָט אים ליב באַקומען. אין אָנהייב איז עס ביי איר געווען אַ בלויזע שפּיל, — ביז זי איז אַליין באַהערשט געוואָרן פון דער דאָזיקער שפּיל.

שיינדל איז געווען יונגער ווי איר שוועסטער. אויך מיט איר וויסן האָט זי זיך פון איר אויסגעטיילט. זי האָט פרי גענומען אַרבעטן און ווערן זעלבשטענדיק. די זעלבשטענדיקייט האָט איר אַ סך געגעבן. —

זי האָט זיך געמאַכט פריי פון איר פרומער מוטער און האָט זיך גע־קאָנט ווידמען דעם וויסן און פאָרשן. זי האָט אַסך געלייענט און געלערנט. באַהערשט פון אַן אומגעשטילטן דאָרשט נאָך וויסן, איז זי אַריינגעדרונגען אין אַזעלכע געביטן, ווו קיין יידישע פרוי אין איר סביבה איז נישט אַריינ־געדרונגען. זי האָט געלערנט תנ״ך, געפאָרשט וועגן תלמוד און די יידישע רעליגיעזע פילאָזאָפיע. האָט געוווּסט פון יידישקייט פיל מער ווי אַנדערע מענער. פון וועלטלעכן וויסן שוין אָפגערעדט. האָט געקענט די טעאָריע פון קונסט בעסער ווי אַ טייל קינסטלער. און מיט דעם טאַקע האָט זי באלד אין אָנהייב געפאַנגען קראַנצן. געפאַנגען, ווי עס האָט זיך איר לכתחילה אויסגעוויזן, נישט אויף ערנסט.

זי האָט סתם ליב געהאַט צו שמועסן מיט וועמען עס זאָל נישט זיין. דאָס איז ביי איר געווען ווי אַ טייל פונעם לייענען און לערנען. און אַז זי האָט געטראָפן אַ יונגן מאָלער, וואָס האָט איר גענומען מיט זיינע לאָקן, ברייטן קינסטלער־שלייף און מיט אַ פּאָר בלאָע אויגן, אין וועלכע מען האָט זיך געקאָנט שפּיגלען ווי אין אַ טיף־בלאָער אָזערע, האָט זי מיט אים גע־שלאָסן אַ נענטערע באַקאַנטשאַפט.

אַלץ איז אָבער באַשטימט צו ווירקן און קעגנווירקן. — ווי טייכן, וואָס שטורמען אַרויס פון זייערע געלעגערס, פלייצן די כוחות פונעם לעבן אריבער די אייגענע גרענעצן, מיט די אנדערע זיך אויסצומישן. — און ווי עס עפנט זיך דאָס בלאַט פון אַ מימאָזע, אַזוי עפנט זיך דעם מענטשס וועלט, כדי דעם צווייטן אין זיך אַריינצונעמען... אָנגעהויבן ווי אַ פלירט, האָט שיינדל נישט באַנומען ווי זי ווערט ווי אין אַ ווירבל־ווינט, אין אַ נייעם לעבנס־שטראָם אַריינגעצויגן. און ווען זי האָט זיך אומגעקוקט איז שוין געווען צו שפּעט.

איר מוטער האָט זיך געוואָרפן, ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה זיך גע־צאַפּלט. זי האָט נישט געוואָלט דעם „גוי״, וואָס איז פון יידישקייט אָפּגע־פרעמדט און פאַרגרעבט, און זי האָט נישט געוואָלט דעם פוסט־און־פּאַסניק, וואָס קאָן אַ ווייב קיין ברויט נישט געבן, נאָר פאַרנעמט זיך מיט קינדערישע נאַרישקייטן.

שיינדל האָט איר געפּרוּווט נעמען מיט גוטן. צוגעזאָגט איר אים צו מאַכן פאַר א לייט. און ווען אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט זי איר גע־נומען אויפן גאַנצן. — מיט געוואַלט גענומען.

„ס'איז געשען אַן אומגליק, מאַמע. איך האָב זיך פאַרגעסן"... האָט זי איינמאָל אין אַן אָוונט איר דערקלערט. און ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט צו איר, שיינדלס, גונסטן.

די פאַרוק־מאַכעריי מיט די פרויען־אַנדולאַציעס האָבן איר געגעבן אַ באַשיידענע עקזיסטענץ. די מוטער האָט נאָר אויסערלעך שלום געמאַכט מיטן געשעענעם. זי האָט פאַרביסן די ליפּן און אַלץ פאַרקוקט. וואָס דען, זי זאָל ווערן צו לייטיש געלעכטער? אין זיך אָבער האָט זי געטראָגן אַ ביטערן פאַרדרוס און כעס קעגן דעם „גוי", וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין איר משפּחה־געצעלט. און ווי גוט ער זאָל נישט האָבן באַהאַנדלט איר שיינדלען און ווי ער זאָל נישט האָבן אָנגעהויבן יידישן זיך, איז זי שוין קיינמאָל פון אים נישט געווען צופרידן.

האָט זי איר גאַנצע פאַרערונג איבערגעטראָגן אויפן צווייטן איידעם, דעם קענער מרגליות, טראָץ דעם, וואָס אויך צו אים האָט זי געהאַט אירע טענות, אָבער שוין פון אַן אַנדער סאָרט.

שיינדלס מוטער, חיה־פראַדלס די מאָנטשיכע, איז נישט געווען אַבי ווער. זי איז געווען פון גרויסן יחוס, סאַמע זייד און אַטלאַס. — זי האָט איר יחוס געצויגן אַזש פון אים אליין, פון דוד מלך ישראל. און כאָטש סך־הכל האָט זי זיך גאָרנישט געקענט אונטערשרייבן, ווער רעדט שוין אַריינצוקוקן אין די מאַנסבילישע פינטעלעך, הגם דאַוונען און טייטש־חומש האָט זי יאָ געקענט, איז דאָס אָבער אין דער אמתן נישט געווען איר שולד. ווייל איר פאָטער, ר' אברהם, דער צדיק און פאַטילעוווער רב, וועמענס זכות זאָל איר ביישטיין, האָט געהאַלטן, אַז אַ טאָכטער דאַרף מען נישט צופיל לערנען, דערפאַר אָבער איז איר מבינות אין יידישקייט געווען אין לשער.

און אויסגעקאָכט איז זי געווען מיט אַלע צדיקים און גדולים פון ישראל. מיט די לעבעדיקע און מיט די טויטע. האָט זי געהאַט עפּעס אַ זאָרג, אַ צרה, איז זי באַלד געלאָפן צו אירע היימישע צדיקים, צו די לעבעדיקע, פאַרשטייט זיך. זי איז אָבער אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די טויטע.

זי ווייסט אַליין נישט וויאַזוי דאָס פלעגט פאַרקומען. זי איז, איבע־ריקנס, נישט קיין גרויסע וויסערין אין אַזעלכע זאַכן. אָבער זי אַליין, חיה־פראַדלס, זי, בכבודה ובעצמה, האָט אין די נעכט מיט זיי גערעדט.

ווער עס האָט פריער אָנגעהויבן ווייסט זי נישט. נאָר אַז זי האָט גע־רעדט מיט זיי, דאָס ווייסט זי גוט. און זיי האָבן איר אויך נישט איינמאָל

אַרויסגעשלעפּט פון אַ צרה. אמת, זי פלעגט צו דעם אויך צונוצן אַנדערע סגולות, ווי: אויסמעסטן דאָס הייליקע פעלד, רייסן קברים און אַזוי איינרייסן אין אַלע שטיבלעך און שולן.

נאָר ווען נישט פריער „ער" — און דערנאָך זיי, ווער ווייסט, וואָס פון איר אָרעם בינטל ביינער וואָלט געוואָרן. לעבט זי דען נישט מיט קיין ניסים? מאָלט אייך, איר מאַן, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, איז געווען דער געזונטער און זי גאָר די קראַנקע, פונדעסטוועגן האָט זי אים גאָר איבערגעלעבט.

און כאָטש זי האָט שוין באַגראָבן ביי אַ טוץ קינדער, אמת, נאָך אין די ערשטע וואָכן און חדשים פון זייער געבוירן, און דער באַגרעבער יעקל פּרענטעס איז געווען ביי איר אַן אָפּטער גאַסט. ער דערציילט אַפילו, דער לץ, אַז איינמאָל, ווען זי האָט נישט געקאָנט אַדורכקומען מיט אים איבערן פּרייז פון אַ טויט נפלע, האָט זי, כדי עס זאָל איר אויסקומען ביליקער, צו אים אַ זאָג געטאָן: „יעקל, איך וועל אייך שוין באַצאָלן אינאיינעם". דאָס האָט זי געמיינט, צוזאַמען מיט אַ צווייט קינד, וואָס האָט זיך שוין געגרייט אין וועג — וואָלט פונדעסטוועגן אָן זייער הילף געווען נאָך ערגער.

און מען קאָן צו איר אויך קיין טענות נישט האָבן. זי האָט געטאָן, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט. זי האָט ראשית נאָך פאַרן געלעגן ווערן זיך באַזאָרגט מיטן איבערקוקן די מזוזות, מיט שיר־המעלותן און אַלערליי אָפּשפּרעכענישן. און דער עיקר האָט זי באַלד ביים געבוירן דאָס נפשל אָנגעטאָן רויטע בענדעלעך אויף די הענטלעך און האָט עס באַהאָנגען מיט אַלערליי קמיעות אויפן העלדזל. וואָס נאָך האָט זי געקאָנט טאָן? און אַז דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, איז עס נישט איר שולד. מסתם איז אַזוי באַשערט געווען. זאָלן שוין די איבעריקע קינדער צוזאַמען מיט איר זיך עלטערן אין כבוד און אין נחת.

פון דעם טאַקע, אָט פון די אַלע צרות, וואָס זי האָט אַדורכגעמאַכט איז זי פּרי גראָ געוואָרן און נאָך מער נערוועז און צעררייצט. און די דאָזיקע נערוועזקייט האָט נאָך מער אונטערגעגראָבן איר געזונט און צערודערט איר אַזוי אויך שווערן געמיט.

זי איז געווען איין פלאַם פון גלויבן און פאַנטאַזיע. זי האָט געחלומט נישט נאָר אין די נעכט, נאָר אויך אויף דער וואָר. אירע נערוון זענען געווען ווי די דינסטע דראָטן, שטענדיק אָנגעצונדן און עלעקטריזירט.

זי האָט געליטן פון נישט האָבן קיין קידוש־מאַכער, און וואָס נאָך ערגער, קיין קדיש־זאָגער. האָט זי געהאָפט צו באַקומען פאַר איר יונגסטער טאָכטער, שיינדל, אַ פרומען איידעם, וואָס זאָל איר פאַרטרעטן אַ זון. איז איר פאַרביטערונג איבערן איידעם דעם „גוי", וואָס איר טאָכטער האָט זיך אויסגעקליבן, געווען גרויס.

זי האָט אָבער, טראָץ איר איבערטריבענער פרומקייט, וואָס האָט איר באַהערשט, אויך געהאַט אַ גענוגנדיק פּראַקטישן שכל. און דער דאָזיקער שכל האָט איר געלערנט נישט צופיל אָנצוציען דאָס שטריקל. זי האָט געקאָנט צאָרענען און וואָרפן זיך, נאָר ווען זי האָט געזען, אַז עס וועט סייווי נישט העלפן, האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל ווי זי וואָלט שלום געמאַכט מיט דער לאַגע און האָט זיך אויפגעהערט קעגנצושטעלן. געמאַכט אַ שוויג און שוין. נאָך מער, זי האָט מיט אַלע כוחות געזען, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן, וואָס ביי איר טוט זיך. זאָלן אירע שונאים נישט דערפרייען ווערן.

דאָס איז אָבער נאָר געווען לפנים, פאַר מענטשן און אפילו פאַר דער אייגענער משפחה. ביי זיך אַליין אָבער האָט שוין קיין שלום מיטן איידעם נישט עקזיסטירט.

ערגעץ אין זיך, אין אירע אייגענע טיפענישן, איז געבליבן דער טאָטשענדיקער וואָרעם פון פאַרדרוס און פאַרביטערונג לעולם ועד. אויף דעם איז זי דאָך עפּעס חיה־פּראַדלס, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געקאָנט טראָגן אין זיך איר אייגענעם זשאַוער. זאָל זי אפילו אַליין צעפרעסן ווערן פון אייגענעם טאָטש, אַבי נישט נאָכגעבן, נאָר בלייבן אין דער אייגענער עקשנות...

*

שיינדל האָט מרגליותן טיילווייז פאַרביטן די פרוי. צוליב איר אינטעליגענץ, איז ער געווען צופרידן מיט איר צו פאַרברענגען.

מרגליות האָט פאַרמאָגט אַן אומרויקן גייסט, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין רו און איז נישט מיד געוואָרן פון צו זוכן און פאָרשן. אפילו אין צווישנצייט האָט ער נישט אָפּגעלאָזט זיין גייסט אים צו שאַרפן אין טיפערע שמועסן.

ס'האָט אויסגעזען ווי זיין שטאַרקער גייסט זאָל דערגענצן זיין שוואַכע פיזישע נאַטור. די גרויסע ענערגיע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, נאָר וואָס איז געוואָרן געצוימט דורך זיינע שוואַכע כוחות, האָט געמוזט געפינען אַן אָרט אין זיין גייסט. זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט איר שוועסטער, האָט זי אים אויך פאַרטרעטן זיין אַמאָליקע סימפּאַטיע, בעלאַ, מיט וועמען ער איז, נאָך דער חתונה מיט זיין פרוי, געווען געצוווּנגען איבערצורייסן יעדע פריינדשאַפט. אויך אויף שיינדלען האָט די אייגענע שוועסטער אָנגעהויבן קוקן קרום. נאָר פאַר דעם האָט מרגליות שוין נישט מורא געהאַט.

זיין פרויס משפחה האָט זיך געלעבט געטריי. און דאָס אריינפאַלן אין דער פרייער צייט צו שיינדלען האָט דווקא דער שוויגער הנאה געטאָן. מיט שיינדלען האָט ער געקאָנט רעדן ווי אַמאָל מיט בעלאַן איבער אַלערליי פראַגן. נאָר אַ קוים באַמערקבאר ווענטל האָט זיי גייסטיק צווישן זיך צעשיידט.

קראַנק האָט קיין צייט נישט געהאַט אַריינצוטמישן זיך אין זייערע שטענדיקע דיסקוסיעס. ער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע בילדער. נאָר ווען זיי זענען איבערגעגאַנגען אויף יידישע טעמעס האָט ער איבערגעריסן דאָס מאָלן און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זיי. און טאַקע פון אָט די שמועסן האָט ער געשעפּט זיין גאַנץ יידיש וויסן.

הגם מרגליותעס באַציונגען מיט שיינדלען זענען געווען משפּחהדיק־וואַרעמע, אָבער אומשולדיקע, וואָלט מען פונדעסטוועגן נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער איז אינגאַנצן גלייכגילטיק צו איר, אַז ער פילט נישט צו איר קיין שום באַזונדערע נייגונג.

די גייסטיקע צוזאַמענגעהעריקייט האָט געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס מען וואָלט עס געקאָנט אָנרופן גייסטיקע ליבע. כאָטש אַזאַ מין געפיל האָט ער אויך געפילט צו בעלאַן איידער ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין רחלען, וואָלט ער פונדעסטוועגן זיך נישט אָפּגעזאָגט איר אַרומצונעמען און באַ־וואַרפן מיט צערטלעכקייטן.

*

די דייטשן האָבן נאָך אַלץ די שטאָט נישט גענומען. נאָר די פּוילישע מאַכט איז שוין אין שטאָט נישט געווען קענטיק. קיינער האָט פון אינעװייניק נישט צעטרייסלט אירע יסודות.

די בירגער פון דער שטאָט האָבן גאָרנישט געטאָן אַזוינס, אַרונטער־צורייסן איר מאַכט און אויטאָריטעט. נאָר פון זיך אַליין, ווי אַ קערפּער, וואָס פאַרלירט זיין לעבנס־כוח און הייבט זיך אָן צו צעפאַלן, אַזוי איז די דאָזיקע מאַכט זיך צעפאַלן, פאַרלירנדיק איר אָנזען און ווערט.

די מאַכט האָט איבערגענומען אָן אויף דער גיך געשאַפענע צייטווייליקע מיליץ, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו היטן די רו און אָרדענונג פון דער שטאָט. נאָר דעם הפקר־בלויז, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליבן פאַרשווונדן פון דער אַלטער מאַכט, האָט זי שוין נישט געקאָנט אויספילן.

האָבן אויף צומאָרגנס געשטורעמט די מלוכהשע טאַבאַק־פאַבריק די נאָר וואָס באַפרייטע קרימינעלע פאַרברעכער. צו זיי זענען אויך צוגעשטאַנען סתם אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן מיטן כוח און ריזיקע פון די פאַרברעכער אויך געוואָלט געניסן פונעם אַנטשטאַנענעם הפקר.

זיי האָבן, ווי מדבר־דאָרשטיקע צו אַ קוואל, זיך געריסן צו די געבליבענע טאַבאַק־רעשטלעך פון דער פאַבריק. מרגליות האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן זיין נייגעריקייט. ער האָט אין די דאָזיקע הפקר־טעג אַרומגעשפּאַצירט ארום די וויכטיקסטע ראַיאָנען פון דער שטאָט.

האָט ער אויפן וועג, וואָס פירט ארויס פון שטאָט, אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסע פּאָליציי־אָפּטיילונג, וואָס האָט אין פולער באַוואָפענונג און מלחמה־גרייטקייט פאַרלאָזט די שטאָט.

צווישן זיי האָט ער אומגעריכט דערזען דעם גראָבן מאַקסימטשוק און דעם שטאָטישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן מיט די בליקן און קענגזייטיק באַגריסט.

דער קאָמענדאַנט האָט מיט אַן ערנסטער מינע צו אים געווונקען, ער זאָל פאַרלאָזן די שטאָט. האָט ער אזוי געזאָרגט פאַר זיין יידישן גורל? דאָס האָט מרגליות אין דעם מאָמענט נישט געקאָנט וויסן.

אַ דורכלויפנדיקער פּוילישער צייטונג־פאַרקויפער האָט אָנשטויסנדיק זיך אין דער מאַרשירנדיקער גרופּע, ווי אויף צו להכעיס, נאָך העכער אויסגעשריגן זיינע לעצטע צייטונגס־סענסאַציעס.

דעם אַלטנס שטימע האָט דאָס מאָל דווקא געקלונגען פרישער און האָפערדיקער, רייצנדיק זיך מיט זיין אויסזינגענדיקן פריילעכן ניגון. איז דאָס געווען צופעליק, איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַ קאָמיזם — אינעם

אָנבליק פון אַ לאַגע, ווען ערשט די נעכטיקע מאכטהאָבער פון דער שטאָט פארלאָזן איר אליין מיט הכנעה. אָדער האָט דער דאָזיקער אָרעמער מענטש זיין באַזונדערן גרונט זיך צו פרייען אויפן בראָך פון די דאָזיקע נעכטיקע שטארקע? דאָס האָט מען נישט געקאָנט וויסן.

נאָר מאַקסימטשוק, דער גראָבער „רעוויראָווי", האָט זיך נישט געקאָנט איינהאלטן און האָט מיט ציין־קריצעניש, ווי אַ לעצטן „זיי געזונט", צו אים ארויסגעשריגן פון דער מארשירנדיקער גרופּע אַרויס: „וואָס פאר א גדולה איז אויף דיר, פּענטאק?!" און האָט ווייטער מארשירט אין דער ריכטונג צום פראָנט.

די מענטשן־מאַסע, וואָס איז געשטאנען ביי די פאבריק־מויערן, ארומנעמענדיק ווי מיט צוואנגען דעם טויער פון דער טאבאק־פאבריק, האָט ווי א צעשטורעמטע כוואליע זיך געהויבן און צוריקגעפאלן.

זי האָט זיך געריסן צום טויער און איז צוריקגעטראָטן דורכן צוריק־שטויס פון די וועכטער. דאָס איז אָבער נאָר געווען לפנים. זי האָט נישט אויסגענוצט איר פולע קראפט.

ערשט ווען די מארשירנדיקע פּאָליציי־אָפּטיילונג איז שוין געווען פארשוווּנדן פונעם האָריזאָנט, האָט מיטאַמאָל די זעלבע מענטשן־מאסע מיט איר גאנצער קראפט אויפגעריסן דעם טויער און איז אריין אינעווייניק.

אין איין רגע זענען אלע סקלאַדעס געוואָרן אָפּגעריניקט פון יעדן טאַבאק־איבערבלייבעכץ. און ווען מרגליות איז, נאָך אלעמען, אריין אין פאבריק־הויף, האָט ער שוין געטראָפן א חורבן פון צעבראָכענע טירן און שויבן און א שווער־פארוווּנדעטן, וואָס איז געבליבן צעטראָטן, ווי א צע־טראָטן פּעקל טאַבאק.

א טאַקסע איז מיט אימפּעט אָנגעלאָפן און מיטן זעלבן פארטאַיעטן אימפּעט זיך אָפּגעשטעלט ביי א הויז. באַלד איז ארום דער טאקסע געוואָרן א באוועגונג. א פּאָר יונגע פּאָליאַקן האָבן פון דער טאקסע אין איילעניש ארויסגעכאפּט, ווי מען כאַפּט ארויס עפּעס א גנביש פּעקל, א יונגן פּוילישן אָפיציר.

דער אָפיציר, א בלאסער, פון וועמענס פרישע וווּנד עס האָט נאָך גערונען דאָס בלוט, איז געווען אַדורכגעשאָסן אין פוס. זיי זענען אויף דער גיך מיט אים ערגעץ פארשוווּנדן. און עפּעס א מיסטעריעזע פּאניק האָט ארומגעכאַפּט דעם עולם.

אָט איז דער סימן פונעם נאָענטן פראָנט און מען ווייסט נישט ווו ער געפינט זיך. און דאָס נישט־וויסן, דאָס טאַפּן אין דער פינצטער, האָט נאָך מער צעטומלט און פאַרגרעסערט די שרעק.

ביינאַכט האָט שוין דער הימל אינגאַנצן געפלאַקערט. דאָס האָבן געברענט די הייזער פון די ארומיקע שטעטלעך. און דער הימלישער פלאַם האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן פלאַם פון די שטאָטישע הייזער, וועלכע זענען געוואָרן געטראָפן פון די דייטשע צינד־באָמבעס, אין איין פלאַמיקן ים.

*

ביי איגנאַץ כאַרלאַפּאָוויטש אין הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן יידישן ראַיאָן, זענען אין דער דאָזיקער נאכט געווען פארזאמלט די יידן־פיינטלעכע פּני פון שטאָט, מיט סטאַך יאַגעליאָנסקי אין דער שפּיץ.

זיי זענען געווען גוט געשטימט, די פאַרזאמלטע פּאָליאַקן. עס האָט זיי נישט געאַרט דער גורל פון פּוילן, זייער פּוילן. נישט די שריפות פון זייער אייגענער שטאָט און דאָס פאָלק פון פּוילן האָט זיי באַאומרויקט.

נאָר גאָר פול מיט פרייד זענען זיי אַצינד געווען, ווי זיי וואָלטן דער־גרייכט פּוילנס גרעסטן נצחון. ס'איז געווען דער ברענענדיקער האַס, וואָס זיי האָבן שוין פון לאנג געטראָגן אין זייערע שלאַנגען־הערצער קעגן זייערע מיטבירגער. זיי האָבן נאָר אין זייער פּחדנות ביז היינט אים מורא געהאט אויסצולאָזן. אַצינד אָבער זענען זיי ווי די מייז פון זייערע לעכער אַרויס. זיי האָבן אינעם אָנבליק פון דייטשן עמלק — דערפילט זייער צייט...

אויפן טיש זענען געווען צעשטעלט פלעשער מיט בראָנפן, ביר און אלטן פּוילישן מעד. פון די טעלער האָבן אַרויסגעפינקלט, דורך דער בעל־הביתטע אליין־געמאַכטע, בלוט־וואָרשטן און שינקע.

די בעל־הביתטע, פּאַניאַ כארלאַפּאָוויטשאָוואַ, א צעיוירענע גיריקע פּויערטע, מיט א ברייטן שמאלצוואטן פּנים און היפטן, האָט זיך א צע־פרייטע, אין נחת־צעשמאָלצענע, ווי בלינעס אין חזיר־שמאַלץ, זיך געפּאָרעט ארום די געסט ווי צו דער ווינאַכט־סעודה.

דער גאַסט־געבער, א פעסטער, ברייטפּלייציקער פּאָליאַק, מיט שטייפע ווי דראָט ארויפגעקעמטע וואָנצעס און מייזן־אויגן, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין זייערע אויסשניטן אויף אלע זייטן, וועלנדיק אויפכאַפּן יעדן מיין פון זיינע געסט, האָט אָנגעהויבן:

— פאַנאָוויע! (הערן), ס׳איז נאָענט דער טאָג ווען די דייטשן וועלן אריין אין אונדזער שטאָט. ס׳איז די בעסטע צייט אָפּצורעכענען זיך מיט די פאַרשאָלטענע יידן. אונדזער אַלטער באַגער פּטור צו ווערן פון דעם פאַרשיוון געזינדל קאָן אַצינד פאַרווירקלעכט ווערן. כאָטש אונדזער האנט וועט נאָך ווייט נישט גרייכן, — וועלן אָבער אנדערע שוין נאָכטאָן אונדזער ביישפּיל. און מיין עצה איז: ווי נאָר די דייטשן וועלן אריין אין שטאָט, זאָלן מיר פּראָוואָצירן — פון אַ יידיש הויז, צום בעסטן אין צענטער שטאָט, — א שיסעריי אויף די דייטשן.

ס׳איז גענוג אַ קליינע שיסעריי אפילו פון רעוואָלווערן. מיר וועלן, פאַרשטייט זיך, זאָגן, אז די יידן האָבן געשאָסן. זענט איר מסכים מיטן פּלאַן, מיינע הערן?

— מסכים! מסכים! — האָבן אַלע אָנגעהויבן שרייען. — ס׳איז אַ גוטער איינפאַל.

סטאַך יאַגעלאָנסקי, א הויכער, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע קין־ביינער און פון מעסער־שטעך צעהאַקטן פּנים, האָט, האַלטנדיק אין איין האַנט אַ גלעזל בראָנפן און מיט דער צווייטער אַרויפשאַרנדיק זיין ציגיינערישע טשופרינע, זיך אויפגעשטעלט און האָט געהאלטן אַ טאָסט לכבוד דעם גאַסטגעבער און פאַרן יידישן בלוט, וואָס וועט זיך גיסן, צוגעבנדיק:

— נאָר, פאַנאָוויע, פאַרגעסט נישט וואָס איר האָט צו טאָן...

## קאַפּיטל זיבן

# אַ פּאַראומערטער שבת

ס'איז געווען איינער פון די שענסטע זומערדיקע שבתים, דער טאָג, אַן אויסגעצוואָגענער פון דער פרייטיקצונאַכטיקער טוי־ברכה, איז אויפגע־גאַנגען אַ שיינענדיקער און האָפענונגספולער.

עס האָט אויסגעזען ווי אַ חוזק פון דער ברייטהאַרציקער אָנדאַגות־דיקער נאַטור לגבי די מענטשן, וואָס קליגלען זיך קעגנזייטיק צו האַסן און אויסשעכטן.

ער איז אָבער אויך געווען, דער דאָזיקער זוניקער שבת, וואָס האָט פריי צעוואָרפן זיינע שטראַלן איבער דער שטאָט, ווי א פויער, וואָס צע־וואַרפט זיינע קערנער אויפן פעלד, ווי זאַלץ, אויפן באַטריבטן יידישן געמיט...

שלמה שוחט איז נאָך דער שבתדיקער סעודה געשטאַנען אין פראָנט פון זיין הויז. די שבתדיקע מנוחה, וואָס פלעגט אַזוי נשמה־יתירהדיק באַ־שטראַלן זיין פאַרוואָקסן, געל פּנים, איז דאָס מאָל געווען פאַרשוועכט און צעשטערט.

א פאַרצאָרנטער, האָט ער אַריבערגעקוקט איבערן טירל פון זיין הויף צו די, וואָס טראָגן פון די נאָענטע באַן־מאַגאַזינען געגנבעטע קאַסטנס און זעק מיט סחורה צו זיך אהיים. זייענדיק מחלל שבת בפרהסיה.

די הפקרות איז שוין דערגאַנגען צו איר העכסטער מדרגה. וואָכן און חדשים געפינט זיך די שטאָט אָן א מאכט. די קליינע בירגער־מיליץ האָט אַליין מורא זיך אריינצומישן. האָט אַ טייל פון דער יידיש־פּוילישער אונטערוועלט פון דער שטאָט געמאַכט יד־אחת אויף צו צעשלעפּן דאָס

יידישע סחורה־פּאַרמעג, וואָס האָט זיך געפונען אין די גרויסע באַן־מאגאַ־זינען.

— זעסט, מרגליות, — האָט שלמה שוחט אָנגעוויזן אויף די צעיאָכ־מעטע טרעגער, וועלכע האָבן געאײַלט איבערצוחזרן זייער גאַנג פון מאגאזין צום הויז. — אָט צוליב וועמען מיר לײַדן. צוליב די דאָזיקע פּושעי־ישראל לײַדן אויך די אומשולדיקע.

— פאַרוואָס־זשע טאַקע לײַדן די אומשולדיקע פאַר די שולדיקע? — האָט מרגליות געפרעגט.

— ווייל „כל ישראל ערבים זה לזה".

— הייסט עס, אַז איר האַלט טאַקע, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון די באַזונדערע יחידים?

— לגבי זיך אליין, — יאָ! ווייל מיר דאַרפן זיין אַנדערש ווי אַנדערע. מיר זענען אַן עם הנבחר, און דאָס פאַרפליכטעט אונדז צו זיין אַ הייליק פאָלק.

— און טאַקע דערפאַר, ווייל מיר זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק, שלאָגט מען אונדז מער ווי אלע אנדערע? — האָט לייבל שוין געפרעגט מיט איראָניע און פאַרביטערונג.

— די, וואָס שלאָגן אונדז וועלן אויך געשלאָגן ווערן. אויך זייער צייט וועט קומען.

— איז, ערשטנס, ר' שלמה, וויל איך נישט, נישט נאָר ווערן דער־מאָרדעט על תנאי, נאָר אפילו נישט ווערן געשלאָגן, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז אויך דער שלעגער וועט געשלאָגן ווערן. און צווייטנס, וואָס איז עס פאַר אַ טרייסט, ווען ער אַליין, דער דערמאָרדעטער, קאָן שוין נישט געניסן פון טעם פון נקמה?

— ביי אונדז איז אנדערש, לייבל, אונדזער נקמה ליגט אין אונדזער אייביקייט. אין אונדזער נאַציאָנאַלן איבערלעבן די שונאים, איז אונדזער טרייסט. אפילו ווען אַ ייד שטאַרבט מיט זיין נאַטירלעכן טויט, ווערט ער נישט פאַרלוירן פונעם חשבון. „נאסף אל עמו" (ער ווערט איינגעזאמלט אין זיין פאָלק) איז ביי אונדז געזאָגט געוואָרן. בפרט, ווערט אַריינגענומען אין דעם אייביקייט־חשבון אַ ייד, וואָס קומט אום פאַר זיין יידישקייט.

— דער געדאַנק איז א גאַנץ שיינער, ר׳ שלמה, ער איז אָבער פאר אונדז נישט רעאל.

— ער איז נישט רעאַל, ווייל דו גלויבסט נישט, האָסט נישט קיין אמונה, לייבל.

— ווער זאָגט עס אייך, אז איך גלויב אין גאָרנישט נישט? אַן עק־זיסטענץ אָן א גלויבן בכלל איז נישט בנמצא. ווען איך וואָלט אינגאַנצן אין זיך נישט געגלויבט, וואָלט איך קיין איין פוס־טריט נישט געקאָנט מאַכן. איך מוז אָבער נישט אין אלץ גלויבן.

— און אויסער אין זיך, אין וואָס, למשל, גלויבסטו נאָך?

— ווי איר, ר׳ שלמה, אין צדק און יושר און אין דער אייביקייט פונעם יידישן פאָלק. עס קאָן זיין, ביי מיר קומט עס פון אן אנדערן מקור. צו דעם אָבער, וואָס איך גלוסט, מוז איך שוין אויך שטרעבן עס צו דער־גרייכן.

— כאָטש ביי דיר קומט עס נישט פון גלויבן אין גאָט און זיין תורה, איז דאָס אויך א מדרגה.

— צוויי מדרגות, — האָט מרגליות פאַריכט — דאָס גלוסטן צום נצח ישראל און דאָס גלויבן אין אים. און איר, ר׳ שלמה, טראָגט אייער רעליגיעזער קנאות, איז אונדזער וועג א בשותפותדיקער. און שותפות מוז נישט זיין אין אלץ... נאָר דווקא אַצינד נייטיקן מיר זיך אין אזעלכע מאמינים ווי איר. און איר זענט די אומבאַרירטע דעמבעס פון אונדזער קיום־וואַלד...

— אויב מיר נייטיקן זיך אין מאמינים, טאָ פאַרוואָס־זשע ווערסטו אַליין נישט קיין מאמין?

— דאָס איז שוין נישט אָפּהענגיק בלויז פון ווילן. עס דאַרף קומען פון די טיפסטע טיפענישן פון אינעווייניק.

דאָס טירל פון הויף האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ, און באַלד האָט זיך באַוויזן שיינדל אַ צעיאַכמעטע, אַרויסזאָפּענדיק שווער איר „גוט־שבת״ פאַר אלע אָנוועזנדיקע.

— פונוואַנען לויפסטו עס אזוי, שיינדל? — האָט דער שוחט, איבער־רייסנדיק דעם שמועס, געפרעגט.

— אוי, ר׳ שלמה, ווי נאָר איך בין ארויס פון שטוב האָט אַ דייטשער באַמבאַרדירער מיך אָנגעהויבן נאָכיאָגן, ביז איך בין אַהער אריין. ס׳איז נישט קיין גוטער סימן.

— ס׳האָט זיך דיר געדאַכט, שיינדל, — האָט מיטאַמאָל צו איר אויס־געדרייט זיין בליק מרגליות, איינעסנדיק זיך אין איר צעשראָקן פנים ווי אַ בין אין איר קרבן. — ווען דער „מעסערשמיד״ וואָלט דיך געוואָלט טרעפן, וואָלסטו זיך שוין פון אים נישט אַרויסגעדרייט. די דייטשע באַנדיטן האַנד־לען נישט מיט קיין איינצל־קרבנות. אויף דעם איז זיי א שאָד א באָמבע. זיי זענען זייער אויסגערעכנט, די יעקעס. אַנגראַ, ווילן זיי פון אונדז. און אויף אונדזער מאַסן־פארניכטונג איז נאָך פאר זיי די צייט נישט געקומען. זיי האָבן זיך זייער אויסרעכענונג, די באַרבאַרן.

— אייביקער פעסימיסט, — האָט אים שיינדל צוריקגעוואָרפן, פאר־מאַכנדיק מיט כעס דאָס טירל פון הויף, ווי נישט וועלנדיק זען דעם טראָגנ־דיקן רויב פון די סקלאַדעס און נישט מטמא זיין די אויגן.

— וועגן וואָס שמועסט מען דאָס? — האָט אַצינד שיינדל געהאט חשק זיך צו פאררעדן, כדי פון זיך צו פארטרייבן די נאָר־וואָס איבערגע־לעבטע שרעק.

— דיין שוואָגער, שיינדל, זאָגט, אז ער גלייבט נאָר אין דעם, וואָס איז רעאל. לאָמיר הערן, וואָס זאָגסטו למדנית, — האָט דער שוחט אי איר געוואָלט אַ שטאָך טאָן און אי מבטל זיין זייער בײדנס גויאישן וויסן.

— „אל תרבה שיחה עם אשה״, — האָט אים שיינדל געוואָלט צוריק־ענטפערן מיט אַ שטאָך.

— דאָס איז, אַז מען רעדט ליצנות, אָדער סתם דברים בטלים מיט אַן אשה, אָבער אויף צו שטאַרקן יידישקייט מעג מען אויך מיט אן אשה רעדן. „הכל תלוי בכוונת הלב״, ס׳איז אַלץ געווענדט אין דער ערלעכער כוונה.

— און איר ווילט טאַקע פרעגן ביי א פרוי א מיינונג, נישט רעכע־נענדיק זיך מיט ר׳ מאירס זאָג: „נשים דעתן קלות״, אז פרויען זענען לייכטזיניק? — האָט זיך שיינדל מיט אים געוואָלט פּאַרמעסטן.

— ערשטנס, וואָס שייך ר׳ מאירס זאָג, איז עס נישט קיין פסק־הלכה. ר׳ מאיר האָט געקאָנט האָבן אַ גרונד אזוי צו טראכטן, פּונקט ווי ס׳זענען

פאראַן אויך אנדערע מיינונגען. און „דעתן קלות" מוז נישט דווקא זיין לייכטזיניק. אין העברעיש איז דעת — אי מיינונג, אי וויסן. און ר׳ מאיר האָט געקאָנט האַלטן, אז דאָס וויסן פון פרויען איז נישט אַזוי אריינדרינגענדיק ווי ביי מענער.

— פיין, ר׳ שלמה, — האָט אים מרגליות געמאכט א קאָמפּלימענט.

— און דו, שיינדל, אָפּאָניר נישט מער. אַנישט וועל איך אָנהייבן מיט אייער בעסטן „פריינד", מיט אָטאָ וויינינגער. אָ, ווי ער מאַכט דאָס גאָר א תל פון אייך.

שיינדל, אַטאַקירט פון ביידע זייטן, האָט אַצינד געהאַט חשק צו רעוואַנזשירן זיך מיט מרגליותן פאַר זיין אריינמישן זיך לטובת דעם שוחט, קעגן וועמען זי האָט אַצינד אָנגעשטעלט אַלע אירע פיילן...

— און וואָס זאָגסטו, לייבל, דו גלויבסט נאָר אין רעאַלן. און וואָס איז רעאַליטעט, ווייסטו יאָ ?

— נישט אַזוי, שיינדל, האָב איך געמיינט. דער געדאַנק, אַז דעם יידס נקמה ווערט געמאָסטן לויט דער אייביקייט פונעם יידישן פאָלק, איז אַ גאַנץ פיינער. און צייטנווייז פאַר דער נאַציאָנאלער פסיכיק א נייטיקער. ער איז אָבער פאַרן פּערזענלעכן לעבן פונעם ייד נישט רעאַל. א געליטענעם ייד איז שווער משלים צו זיין מיט אזא אידעע, ווי עס איז בכלל שווער אַ מענטש צו באַגנוגענען זיך מיט בלויזער טרייסט, וואָס איז אין דער אמתן נישט מער ווי א זאַך פון פסיכישער לית־ברירהדיקייט... אויך פאַר אלע נאטירלעכע צרות פּרוּוון מיר געפינען פאַרשידענע טרייסט־תירוצים, כדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן, און ער, דער בלינדער אינסטינקט, מאַכט עס דווקא מיט דער הילף פונעם „זעעוודיקן" שכל, וואָס איז אָפט זיך אַליין סותר. ווייל איין טייל פון שכל ווענדט אָפּ דעם צווייטן טייל. און דאָס, וואָס מיר נעמען אָן דווקא דעם שכלדיקן טייל לטובת דעם לעבן איז, ווייל דער דראַנג צום לעבן איז ביי אונדז שטאַרקער ווי דער אומווילן צום לעבן... און עס זעט אויס, אז די יידיש־רעליגיעזע פאָרשטעלונג פון צוויי יצר׳ס, די פסיכישע צעשפּאָלטנקייט, וואָס אין אונדז, איז גאָרנישט אזא קרומער געדאַנק. וואָרעם אין דער אמתן קומט פאַר אַ שטענדיקער געראַנגל אין אונדז. די צעקריגטע כוחות מאַכן אָבער גלייך שלום צווישן זיך. אַנדערש, וואָלטן מיר זיך צעפּאַלן אינעם כסדרדיקן אייביקן געראַנגל. דער ויתרוצצו אָבער איז פאַראַן אין אונדז. מיר וועלן נאָך אַמאָל דערפינדן אן אפּאראַט, וואָס וועט

פאַרצייכענען יעדן שאַרף פונעם דאָזיקן אינערלעכן געראַנגל. און דער שכל דערפון ליגט ווי אויף דער האַנט. ווי ס'איז נייטיק פאַרן ריינעם גייסטיקן לעבן דער „שקול־הדעת", כדי צו דערגיין צום אויסגעקלאָרטן געדאַנקען־רעזולטאַט, אַזוי איז נייטיק פאַרן פיזיש־פּסיכישן לעבן דער אינערלעכער געראַנגל, כדי זיך אַליין צו האַרטעווען און שטאַרקן... דאָס זעלבע איז נוגע דעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט. אויך ער, דער נאַציאָנאַלער ווילן מוז געהאַר־טעוועט און געשטאַרקט ווערן. די זעלבע טרייסט אָבער, וואָס גיט האָפענונג דעם פאָלק, זייענדיק אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר, קאָן אים אויך אָפּשוואַכן, ווערנדיק אַ נעגאַטיווער כוח. ווייל דאָס פאַרלאָזן זיך בלויז אויף דער האָפע־נונג און טרייסט, ווען זי איז נישט באַגלייט מיט קיין אַקטיווע מעשים פאַרן פאָלק, אָדער אין אַן עת־צרה, אפילו נישט מיט קיין רעטונגס־מעשים פאַר זיך אַליין, איז אַן אומגליק פאַרן פאָלק. דעריבער זאָג איך: ווי שיין אַב־סטראַקט דער דאָזיקער געדאַנק זאָל נישט זיין, איז ער אין אונדזער איצ־טיקער לאַגע, ווו עס פאָדערט זיך די קאָנצענטראַציע פון אַלע אונדזערע כוחות אויף פּשוטער פיזישער רעטונג, נישט רעאַל.

שיינדל האָט זיך פאַרנומען אַהיימצוגיין. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף צוגרייטן פאַרן מאַן אָוונטברויט. מרגליות האָט איר באַגלייט. ער האָט, אַרויסגייענדיק פונעם הויף, ווו ער האָט מיט שלמה שוחט געוווינט, איר גענומען אונטערן אָרעם פירנדיק איר דורך די שמאָלע געסלעך אַהיים. זי האָט דערפילט די וואַרעמקייט פון זיין אָרעם, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער איר קערפּער, אַדורכנעמענדיק איר ווי מיט אַן עלעקטרישן שטראָם.

— שיינדל, — האָט מרגליות אָנגעהויבן. — ביסט היינט געווען זייער אין פאָרעם.

— אַזוי, — האָט שיינדל ווי זיך געוווּנדערט, — וואָס־זשע האָסטו מיך געסטראַשעט מיט אָטאָ ווייִנינגער?

— דאָס האָב איך זיך מיט דיר סתם געררייצט. איך האָב אויך נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט מיין שכן. גיי הייב זיך אָן מיט אַ פרומען ייד. ווער פון אים נישט אַרויסקריכן. ער האָט זיך אָבער היינט געהאַלטן זייער גוט. ער האָט אפילו גערעדט אין אַ מאָדערנעם לשון, און אויב דו ווילסט, אויך מיט אַ גאַנץ נישקשהדיקער לאָגיק. נאָר דו, שיינדל, טראַכט דעם, וואָס ער האָט זיך באַמיט דיך צו פאַרענטפערן, האָסטו אַזוי חנעוודיק אָפּגעריכט מיטן „אַל תרבה שיחה" און „נשים דעתן קלות". ווען איך וואָלט

נישט מורא געהאַט פאַר שלמה שוחט און מיין אייגענער אשה, וואָלט איך דיך אָפּן געקושט, למדנית מיינע. — און ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— איך בין דאָך אַן אשת־איש, ווילדער שוואָגער מיינער!

— ווען איך קוש דיך, טראַכט איך נישט וואָס דו ביסט.

— דאַרף מען פריער טראַכטן איידער מען קושט, — האָט שיינדל ווי זיך געשפּילט מיט אים.

— ווען עס רעדט די גלוסטונג, שיינדל, שווייגן אַלע געדאַנקען. און איך בין נישט אַזאַ גבור איר צו צוימען.

— מיט אַזעלכע געדאַנקען, לייבל, קאָן מען ווייט פאַרפאָרן...

— דאָס זענען נישט קיין געדאַנקען, נאָר אמתן פונעם לעבן, — האָט מרגליות פאַריכט.

זיי זענען אַריין אין הויז. דער מאָלער קראַנץ איז געשטאַנען אין זיין אַטעליע ביי אַ נאָך נישט פאַרענדיקט בילד, קוקנדיק פאַרגאַפט אויף זיין אָנגעהויבן ווערק.

— אַ, וואָס איז דאָס? — האָט זיך מיטאַמאָל מרגליות אַ כאַפּ געטאָן, איינעסנדיק זיך אינעם געמאָלטן סוזשעט.

— ס'איז אַ ביבלישע טעמע: יעקב צעטיילט די מחנות.

— איך האָב אים געגעבן די אידעע, — האָט אים שיינדל אויפגעקלערט.

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלן די דאָזיקע אידעע? — האָט מרגליות געפרעגט.

— אינספּירירט פון דיין געדאַנק, אַז מען דאַרף ראַטעווען ווי מען קאָן, און פון תלמודישן: „צדקה עשה הקדוש ברוך הוא לישראל שפזרן בין האומות", וואָס איז אויך ענלעך צו יעקבס צעטיילן די מחנות.

— פאַרדרייסט די יוצרות, שיינדל, מיין געדאַנק איז טאַקע זיך צו ראַטעווען ווי מען קאָן, נאָר באַצייטנס, נישט וואַרטנדיק אויף עשיון און הכנעהדיק אים אַנטקעגנגיין מיט מתנות. בפרט, ווען דאָס וועט סייווי נישט העלפן. און ביים איצטיקן מאָמענט ווען מען פּרווט גאָרנישט טאָן, ווירקט זיך אויס פאַרפירעריש די אידעע פונעם דאָזיקן בילד. פאַרקערט, פאַר די, וואָס בלייבן וואָלט מען געדאַרפט גאָר האָבן אַן אַנדערן אידעען־אויסדרוק.

כאָטש א שמשון־בילד, וואָס זאָל אָנרעגן צו נקמה און זיי אזוי באווירקן, אז די אומגליקלעכע זאָלן אפילו אין זייערע לעצטע מינוטן מיט די אייגענע קייטן דעם יידישן שטאָלץ אַרויסקלינגען. נאָר אזוי־אָ, ווי אַ קונסט־בילד, איז עס געגנוג שיין און פאַרכאַפנדיק.

— וואַרט א ווײַלע, איך וועל אָנצינדן ליכט וועט מען דאָס בילד בעסער קאָנען זען. עס זענען שוין פאַראַן געגנוג שטערן אויפן הימל. ווייסט דאָך, אז איך מאָל נישט אום שבת, — האָט קראַנץ צוגעגעבן.

ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק. און קראַנץ האָט, אָנטוענדיק זײַן אַרבעטס־פאַרטעך, זיך גלייך געשטעלט ביים בילד מיטן פענדזל אין האנט.

— איך וויל טאקע, אז איר זאָלט מיר אָנמערקן אויף פעלערן, אויב אזעלכע זענען פאראן, — האָט קראַנץ באַשיידן געזאָגט.

— דאַכט זיך, אַז דאָ איז צו ווייניק ליכט. — האָט מרגליות אָנגעוויזן מיט זיין האַנט אויף דער לעצטער גרופע פון רחלען מיט יוספן.

קראַנץ האָט אים געפּרווּט אַ ביסל אָפּרוקן, שאפנדיק א גרעסערן דיסטאַנץ צווישן אים און דעם בילד, און אים געהייסן עס נאָכאַמאָל באַ־טראַכטן.

— אַזוי איז שוין בעסער, — האָט מרגליות באַמערקט, א קלאַפּ טוענדיק אים גוט־ברידעריש איבער דער פּלייצע. — איך בין פון דיר צופרידן, שוואָגער מיינער, האָסט זיך ארויפגעארבעט. ועסט באַלד איבער־שטייגן מיט דיין יידישער ערודיציע דיין אייגענע למדנית. מיינע פריער־דיקע באַמערקונגען האָבן נישט קיין שייכות צו דער קינסטלערישער זייט פונעם געמאָלטן, נאָר צו זיין אידעען־אויסדרוק. ווייל ס׳איז נישט בנמצא קיין אבסאָלוטע פרייע קונסט. און יעדע איבערנאַטירלעכע אַנטציקונג פאַר סתם קונסט, נישט פאַר איר מאָראַלישער אידעע, איז עבודה־זרה, ווי ס׳איז געצנדינסט יעדע פאַרערונג פון די נאַטור־כוחות. אמת, זי דאַרף נישט זיין געבונדן, די קונסט, נאָר געגנוג פריי פונאַנדערצולאָזן אירע פליגל. זי דארף אָבער אויך נישט זיין ווי א סתם שיינקייט לשם שיינקייט, נאָר דינען דעם פרייען מענטש און דעם פאָלק.

— ווי איך זע, וואָלסטו געוואָלט אַ טענדענציעזע קונסט, — האָט זיך קראַנץ אָנגערופן.

— דו פאַרמישסט די באַגריפן, קראַנץ. טענדענץ איז סיווי פאַראַן

אויך אין דער פרייער קונסט. טענדענץ איז, אייגנטלעך, נישט מער ווי א נייגונג צו עפּעס. און אַ געוויסע נייגונג האָט יעדער איינער. לאָמיר דאָס אָנרופן סימפּאַטיע. איז וועלכער קינסטלער קומט נישט פאַרויס מיט זיין סימפּאַטיע צו געוויסע דערשיינונגען פונעם לעבן, נאָך איידער ער הייבט אָן זיין אַרבעט? אנדערש איז גאָר אוממעגלעך. נאָר וואָס דען, עס ווענדט זיך פאר וועמען ס׳איז זיין סימפּאַטיע. פארן מענטש און מענטשלעכקייט, אָדער קעגן דעם. מחמת אלץ מוז קאָנטראָלירט ווערן דורך אַ העכערן כוח, אים אונטערגעוואָרפן זיין. און קיין אַבסאָלוטע פרייהייט איז גאָרנישט בנמצא. דער מענטש איז נאָר פריי אין באַשטימטע גרענעצן. זיין „בחירה חפשית״ הייבט זיך באַלד אָן אין פאָרויס־באשטימטע ראמען. און נאָר אין די דאָזיקע באשטימטע ראמען איז ער פריי.

— אויב אַזוי, לייבל, לייקנסטו דאָך אין דער פרייהייט אליין. אויב די פרייהייט דארף זיין אונטערגעוואָרפן אן אנדערן כוח, טאָ וואָס פאַר אַ פרייהייט איז זי? — האָט זיך שיינדל אַריינגעמישט.

— ניין, שיינדל. אין דער פרייהייט אַליין לייקן איך נישט. מיר, יידן, זענען פאַרליבט אין פרייהייט. אַ קנעכט, זאָגט דער חומש, זיי נאָר צו גאָט און נישט צו קיין מענטשן. און די באַפרייונג פון מצרים איז צוזאמען מיטן „שמע״ — ווי דאָס הייליקסטע אויף אונדזערע פאַרמעטן אויפגעשריבן. דאָס איז אַריין אין אונדזער פסיכיק און אין אונדזער בלוט. נאָר די קונסט דארף זיין רעלאַטיוו פריי, ווי די מענטשלעכע פרייהייט איז רעלאַטיוו. רע־לאַטיוו סיי צוליב איר אייגענער נאַטור, סיי צוליב דער נייטיקער עטישער באגרענעצונג. — אָבער נישט אומבאגרענעצט. ווייל ווי די מענטשלעכע פרייהייט מוז אונטערגעוואָרפן ווערן דער עטיק, דורך איר קאָנטראָלירט ווערן, אַזוי מוז אויך די קונסט אין אלע אירע פאָרמען אונטערגעוואָרפן ווערן דער עטיק און דורך איר קאָנטראָלירט ווערן. און דער מענטש איז דאָס העכסטע און הייליקסטע ווי בכלל דאָס לעבן, נישט די אומבאַלעבטע נאַטור און מיט איר די קונסט.

— ער, דער בן־אדם, איז דער מאָסשטאַב און די גאָלד־פּראָבע מיט וועלכער מיר דאַרפן אלץ מעסטן און וועגן. און ווער עס זאָגט, אז קונסט איז דאָס הייליקסטע, דער פּרעדיקט געצנדינסט. און ס׳איז אויך אַזוי נאַריש ווי זינבלאָז. ווייל קונסט איז נאָר א מיטל צו א צוועק און קיין צוועק פאַר זיך. בלויז דאָס לעבן איז א צוועק פאר זיך. דעריבער איז די קונסט, ווי יעדע

שאַפונג, קולטור און ציוויליזאַציע אריינגערעכנט, מער נישט ווי אַ געצייג פארן מענטש, כדי אים גרינגער צו מאכן דאָס לעבן. און די אַנטציי־קונג פאר שיינקייט וואָס קומט אויף אינעם מענטש איז, כדי אַרויסצורופן אין אים זיינע איידלסטע נשמה־כוחות; וועקן און שטייגערן אין אים זיין לעבנס־עקסטאַז, און אין אים אויפרודערן די געפילן פאַר מענטשן־ליבע און ברידערלעכקייט. און וואָס שייך: „אז א גוטע זאך האָט גאָט געטאָן צו די יידן, וואָס ער האָט זיי צעשפרייט צווישן די פעלקער", איז דאָס, שיינדל, א צוואַנגס־נייטיקייט, וואָס פליסט אַרויס פון דער נויט פון אונדזער לאַגע. און הגם דאָס איז לכתחילה א נאַציאָנאלע שלעכטס, איז עס אָבער, בדיעבד, די ברכה און די קללה פונעם גלות... און דאָס באַווייזט אויך, אז ביידע, די יידישע צעשפרייטקייט און די שנאת ישראל, זענען שוין גאַר אַלטע דער־שיינונגען.

— וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן, לייבל? — איז נאָך שיינדלען נישט געווען אינגאַנצן קלאָר.

— איך וויל, ערשטנס, זאָגן, אז מיין הסכמה צום דאָזיקן זאָג מיינט נישט, אַז איך בין אן אָנהענגער פון יידישער צעשפרייטקייט, אז איך וואָלט איר לכתחילה וועלן. דאָס נישט. און דאָס האָבן אויך נישט געמיינט אונדזערע תלמודיסטן, וואָס האָבן זיכער נישט וויניקער ליב געהאַט דאָס לאנד פון די אָבות, ווי מיר. נאָר זיי האָבן צוליב דער גליאיקער שנאה פון דער וועלט צו אונדז מורא געהאַט פאר דער אַבסאָלוטער קאָנצענטראַציע פונעם פאָלק. און צווייטנס, אז די שנאה צו יידן איז ווי אן אייביקע, א גורלדיקע, וואָס קאָן נאָר פארשווינדן מיטן אָנקום פון אן אידעאלן אחרית הימים.

— וואָס מיינסטו אונטער אַבסאָלוטער קאָנצענטראַציע? — האָט זיך אַצינד ארייגעמישט דער מאָלער קראַנץ, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום שמועס, ווי א פלייסיקער סטודענט צו דער לעקציע פון זיין פּראָפעסאָר.

— אַבסאָלוט מיין איך, דאָס קאָנצענטרירן דאָס גאנצע פאָלק אין איין אָרט, אפילו אין ארץ ישראל.

— ביסטו, הייסט עס, קעגן דער נאַציאָנאלער היים פארן יידישן פאָלק? — האָט קראַנץ זיך צוריק אָנגערופן.

— וויאזוי דרינגסטו דערפון מיין קעגנערשאפט צו דער נאַציאָנאַלער היים, — האָט זיך מרגליות שוין א ביסל געפילט געטראָפן. — ווייל איך וויל נישט ריזיקירן מיטן גאַנצן פאָלק? זעסטו, פאַר אן ענגלישער „היים"

בין איך טאקע נישט. איך וויל דווקא א סוווערענע מדינה. און אז א מדינה וועט דאַרפן האָבן א גרויסן טייל פונעם יידישן פאָלק ביי זיך. און אזא קיבוץ גלויות איז שוין אויך א גרויסע און ווייטע וויזיע, וואָס וועט פארשלינגען די ענערגיע פון דורות, כדי אים צו אבסאָרבירן און פאַרשמעלצן אין איין אחד־מאָסיוו. אבער אן אבסאָלוטן קיבוץ גלויות וואָלט איך נישט וועלן אזוי לאנג, ווי דאָס שנאה־פייער צו אונדז איז נאָך אין פולן גלי. דער עיקר אָבער מיין איך דערמיט אונדזער איצטיקע לאגע. שטעל זיך פאָר, ווען אלע יידן וואָלטן זיך געפונען אין דייטשלאנד אין די הענט פונעם דאָזיקן נייעם המן, ווי וואָלט אונדזער קיום אויסגעזען? עס ווילט זיך גאָרנישט דאָס ארויפ־ברענגען אויפן געדאנק. האָבן אונדזערע קדמונים נישט געהאט קיין רעכט מורא צו האָבן פאר אזא מאיומדיקער סיטואציע?...

— און פונדאַנען, לייבל, וועלן מיר ארויס בשלום? — האָט קראנץ אויסגענוצט מרגליותעס שטעלן דעם טראָפּ אויף דייטשלאַנד.

— ווו דעם שונאס האנט וועט אונדז דערגרייכן, וועט זיין שלעכט. איך האָב דערמאָנט דייטשלאַנד, ווייל אין דער סאמע נאָרע פון דער בעסטיע איז שוין דאָס פּראָבלעם בכלל קיין פּראָבלעם נישט. עס עקזיסטירט שוין נישט. אין דעם דזשאַנגל, ווו די פארציקונג געפינט זיך שוין אין פּיסק פון דער חיה, איז שוין נישטאָ וואָס צו ראַטעווען.

— און ווי מיינסטו, ער וועט איינעמען די גאַנצע וועלט?

— איך האָב דאָס שוין איינמאָל געזאָגט. די גאַנצע וועלט האָט נאָך קיינער נישט איינגענומען און וועט נישט איינעמען. אוודאי נישט דורך קיין מלחמה. עס האָבן זיך זייערע ציינער צעבראָכן אַלע וועלט־אימפּעריעס פונעם אלטערטום, אָנהייבנדיק פון אַשור, איבער אלקסנדר מוקדון, ביז נאַפּאָלעאָנען. און אז מען נעמט איר שוין איין, דאַרף מען איר ערשט קאָנען איינהאַלטן. נאָר דאָס וואָלט פאר אונדז נישט געווען קיין טרייסט. אונדז צו פארניכטן וואָלט אים, דעם טייוול, נאָך געסטייעט צייט און כוחות. נאָר ער וועט אומקומען אונטער זיינע אייגענע חורבות. די פראגע איז אָבער, ווער וועט אונדז פון אונדזערע חורבות פאַרהיטן?...

## קאַפּיטל אַכט

# אין שטיבל

דאָס שטיבל אויף דער דעמבאָווע־גאַס איז געווען פול מיט יידן. עס זענען געווען נישט נאָר די שטענדיקע חסידים און מתפללים, נאָר אויך סתם־יידן פון די שכנותדיקע גאַסן, וואָס האָבן אין די דאָזיקע „פרייע״ טעג אין דער היים נישט געפונען קיין רו.

דער מאַכט־טוישנדיקער בין־הזמנים האָט זיי געטריבן פון די היימען, ווי א נאטור־קאטאסטראָפע טרייבט ארויס פון זייערע נעסטן די חיות אין וואַלד. און ווי שעפסן, וואָס טוליען זיך צוזאמען אין א צייט פון א סכנה, ארויסשפירנדיק אינסטינקטיוו זייער גורל־געמיינזאמקייט, אזוי האָבן זיך אצינד די יידן געטוליעט, געוואָלט זיין צוזאַמען, באַנעמענדיק זייער געמיינזאמען גורל.

זיי זענען אָבער אויך אַזוי ווי די שעפסן, וואָס ווערן געליימט אין זייער פּחד פאַרן אָנקומענדיקן שטורעם, געוואָרן געליימט, — כדי צוזאַמען זיך נישט רירן פון די ערטער.

אין מיטן, אין א רעדל, איז געשטאַנען שלמה שוחט, דערציילנדיק פאר זיינע צוהערער וועגן שבתדיקן „ראַבונעק״, וואָס די שטאָטישע פּושעים האָבן געמאכט, גייענדיק דורך זיין גאס.

— אוי, ווי, — האָט ארויסגעקרעכצט מענדל מלמד, וואָס איז אויף דער עלטער נאָך פרומער געוואָרן, אָפּזאָגנדיק זיך פון מלמדות, כדי נישט צו לעבן פון דער תורה. — אין אזא שעת קיטרוג ר״ל, ווען דער סניגור ראַנגלט זיך מיט אלע וויסטע כוחות, מיט די קליפּות של טומאה, זענען יידן עובר אויפן לא תגנוב און זענען מחלל שבת בפרהסיה?

— ניטע, רעדט נישט קיין לשון הרע אויף יידן, — האָט זיך געהערט

די מילדע שטימע פון אלטן ר׳ אליעזר, וועמענס גוף איז געווען אויסגעבויגן אויף פּאַרנט, ווי אַן אויסגעבויגענער שטעקן.

ער איז געווען אַ מזג־טוב, דער גראָער, איבערגעבראָכענער ר׳ אליעזר, וואָס פלעגט יעדע וואָך אַהער מאַכן אַ שפּאַציר פון זיין געבוירן־שטעטל, אַ מהלך פון אַ צוואַנציק קילאָמעטער. און אַזוי גייענדיק און אָנהאַלטנדיק זיך ביי דער קעלניע פון דער בויד, וויל אויפזעצן זיך אויף איר האָט ער נישט געוואָלט צוליב צער בעלי חיים, פלעגט ער דערווייל אַדורכלערנען פון אויסנווייניק די טיפסטע סוגיות. ער איז געווען אַ ווילדער קענער, דער אַלטער אליעזר. אַ פאַרחושטער, אַ פאַרטראַכטער, פלעגט ער אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט הינטער זיך אַרומגיין הין און צוריק. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער ווי זיך אויפכאַפּן פון אַ דרימל און עס פלעגט זיך פון אים אַרויס־רייסן: „מיין שרהלע“. אָדער: „ווען מיין שרהלע וואָלט געלעבט“. שוין אַ בן שבעים, האָט ער נאָך אַלץ זיין שרהלע נישט פאַרגעסן. שרהלע האָט זיך אריינגעפּלאָנטערט אין זיין לעבן נאָך פון זיינע יונגע יאָרן, ווען ער, דער יונגער פּיוסקער עילוי, האָט געגעסן טעג ביי איר פאָטער, דעם שטעטלדיקן גביר. זי האָט זיך אַזוי אין אים איינגעגעסן, אַז דאָס חיות איז אים אויסגעגאַנגען נאָך איר. אויך זי, שרהלע, איז געוואָרן צו אים צוגע־בונדן. ס׳איז געווען ממש „נפשה קשורה בנפשו“. איז געשען אַן אומגליק און שרהלע איז געשטאָרבן פון אַן עפּידעמיע, וואָס האָט דעמאָלט געבו־שעוועט. זי איז אָבער פאַר אים נישט געשטאָרבן, לחלוטין נישט. זי האָט זיך אין אים באַזעצט און פון זיין זכרון נישט אַרויס. האָט ער זי ווי אַ היי־ליקייט געטראָגן אין זיך ביז וואַנזיניקייט.

— אז איר זענט טויטע חסידים. אויסגעברענטע ליכט ר״ל, יאָגט פון אייך ווי פון אַ פינצטערע קעלט דאָס עצבות ארויס. און מיט אייער עצבות־מחלה וועט איר נאָך, חלילה, אָנשטעקן דעם גאַנצן כלל ישראל. און ווו עצבות איז, דאָרט איז זינד. מחמת, אָן דעם שמחה־גלאַנץ אין די אויגן, אָן דעם חסידישן ברען, קאָן נישט זיין קיין אמונה. און אָן אמונה איז נישטאָ קיין בטחון, וואָס איז די תולדה פון אמונה... און אָן בטחון זענען מיר, חלילה, פאַרלוירן. פאַרלוירן אויף אייביק. נאָר איך זאָג אייך, יידן, אַז דווקא אין אַן עת צרה טאָר מען נישט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. וויל צו תשובה, תפילה און צדקה דאַרף מען ערשט רעכט האָבן אַ ביסעלע משקה. די משקה רייניקט דאָס יידישע האַרץ, כדי אומצוקערן עס אינגאַנצן צו אים...

און באותו הרגע האָט בעריש קאָזאַק, א הויכער ייד מיט איין אויג און מיט אַ פעך־שוואַרצע באָרד, וואָס האָט, ווי ער אַליין, געברענט ווי מיט א שוואַרצן פלאַם, ארויסגעשלעפּט פון זיין ברייטער הויזן־קעשענע אַ פלעשל ניינציקער, פאַרלייגנדיק צו זעצן זיך צום טיש.

בעריש קאָזאַק איז געווען א חברה־מאַן פון בלוט. — דאָס איז געווען ביי אים א משפּחה־טראַדיציע. זיין פאָטער, ר׳ לייביש, איז געווען דער גבאי פון דער חברה־קדישא. מען האָט אים גערופן: דער פלאַם.

ער איז געשטאָרבן צו פינף און ניינציק יאָר. פאַרן טויט האָט ער זיך נאָך געהייסן דערלאַנגען א גלעזל. — און ערשט נאָכן אויסטרינקען עס, איז ער, ווי קיינמאָל גאָרנישט, איינגעשלאָפן אויף אייביק. ער האָט פאַר דעם זיך נאָך געוויצלט, מען זאָל אים אין קבר אריין מיטגעבן אַ פלעשל ניינציקער.

קאָזאַק, האָט מען בערישן גערופן, ווייל ביי יעדע שמחה פלעגט בעריש פאַרלייגן א פאָלע אויף אַ פּאָלע און גיין א קאָזאַטשאָק. דעם קאָזאַ־טשאָק פלעגט ער אויסטאַנצן מיט אזא שטורעם און ברען, אז עס האָט זיך גערדאַכט, אז דאָס טאַנצט נישט בעריש אליין, נאָר א גאַנצע ראָטע קאָזאַקן.

בעריש קאָזאַק איז שוין געווען אינגאַנצן צעוואָרעמט. ער האָט צו־געלייגט די האַנט צום אויער און זיך פאַרגאַנגען אין אַ זמרל. דאָס זמרל האָט זיך געציקט, געכוואַליעט, געהויבן, געפאַלן, דאָ זיך געבייזערט און דאָ זיך צוריק געלאַשטשעט, ביז עס האָט פארלוירן דעם אימפּעט, אָנגעהויבן שטילער ווערן און געמומען אויסגיין ווי אַן אויסגייענדיק ליכט.

— זינגט, זינגט, יידן, מער ווי דעם קול יעקב פאַרמאָגן מיר נישט, און נאָר מיט אונדזערע פלאַמיקע תפילות צום בורא וועלן מיר אם ירצה ה׳ מנצח זיין דעם טייוול. — האָט בעריש קאָזאַק שוין אַ הייזעריקער זיך נאָך נישט געוואָלט אונטערגעבן.

— אוי רחמים, רחמים, זאָלן געעפנט ווערן די שערי רחמים, רבונו של עולם, — האָט אַריינגעקרעכצט אין געזאַנג אַריין דער אלטער ר׳ אליעזר.

— הבט וראה, אפילו אין אזא שעת סכנה פאַר יידן, האָבן זיי אויך נאָר דיך אין זינען, דיך, „אחד״, — האָט ווי צו זיך אליין געברומט מענדל שלמה.

— יידן, די גרעסטע סכנה איז די בייזע קעלט, — האָט בעריש שוין

אינגאַנצן איבערגעריסן דאָס זינגען און געוואָרן, ווי זיין שטייגער איז, באַ־רעדעווודיק. — אז עס איז קאַלט אויף דער נשמה, רחמנא לצלן, העלפט נישט, אז אינדרויסן איז אַ היץ. אז ס'איז נישטאָ קיין אייגן ביסל פייער, וועט דיך קיינער נישט אָנוואַרעמען, ברודער. ימים גאַנצע אש זרה וועט דיר נישט העלפן. צייטן, צייטן אָנגעקומען, וועג גאַנצע טייכן אייז לייגן זיך דיר אויפן האַרץ. און אז די הערצער זענען, חלילה, געפרוירן, איז אויס, אויס מיט יידישקייט, רחמנא יצילנו.

—— און ווער איז שולדיק, ווער, מיינט איר, יאָגט אָן דאָס פרעמדע פייער, דאָס אש זרה, די פושעים, אונדזערע אייגענע קינדער. אוי, „בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי", — האָט אין דער מסיבה זיין צושטייער ארייגעגעבן שלמה שוחט.

— „אַל תפתח פה לשטן", — האָט פול מיט צער און ווייטיק זיך געבעטן דער אלטער ר' אליעזר. — מען דאַרף מגין זיין אויף יידן און נישט זוכן קיין קטיגור. ס'איז גענוג שלעכט אויך אָן דעם. אַ זכות זוכט, אַ זכות אויף יידן. ווו איז אייער אהבת ישראל, ר' שלמה?

מרגליותן האָט אַצינד באַזונדער געצויגן צו יידן, ווי ער וואָלט געוועזן פאַרוואָרפן אויף א ווייטן וויסטן אינדזל, וווּ ער זאָל צענדליקער יאָרן קיין ייד נישט אָנקוקן פאַר די אויגן. עס האָט גענאָגט אין אים עפּעס אַ פאַרבאָרגן געפיל צו זיין צוזאַמען. דער אומרויקער, נישט־זיכערער מאָרגן, האָט געבוירן אין אים דאָס מורא־געפיל פון אָפּרייסן זיך פון זיי, פון פאַרלירן זיי.

און וואָס מער דער דאָזיקער פּחד האָט זיך אין אים געשטאַרקט, אלץ מער איז אויפגעגאנגען אין אים די גלוסטונג צו באַהעפטן זיך מיט זיי. טרעפן זיך און שמועסן מיט אַלע יידן. מיט אלע יידישע קרייזן.

איבעריקנס, האָט ער צייט געהאַט גענוג. פון זיינע אלע אַרויספּאָר־פלענער איז סייווי גאָרנישט געוואָרן, ער איז, פונקט ווי זיי, געבליבן רעזיג־נירט אויפן אָרט, אָפּוואַרטנדיק מיט אן אכזריותדיקער גלייכגילטיקייט די אָנקומענדיקע טעג. האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין אייגן שטיבל, וווּ ער האָט אין דער פריער יוגנט זיין גאַנצע צייט פארבראַכט.

אין אן אנדערע צייט וואָלט ער, וואָס אן אמת, אהער נישט געגאנגען. זיין וועלט איז שוין לאַנג אן אנדערע. ער האָט זיין יידישקייט שוין באַוויזן צו סטיליזירן. ער האָט אירע קערנדיקע פאָרמען גענומען רייניקן פון זייער

אָנגעזאמלטער פסולת און די פאַרן פאָלק אומנייטיקע שאָלעכץ אָפּגעוואָרפן. שוין לאנג ווי ער האָט איבערגעריסן מיטן דאָזיקן אין פולער פרומקייט ווייקנדיקן שטייגער. ער שעצט, אמת, דעם נישט־אָנגערירטן ריינעם גלויבן פון זיינע עלטערן, אָבער דאָס איז פאַר אים נישט מער ווי פּאָעזיע, מיט וואָס זיין גייסט פאַר שיינקייט קוויקט זיך. אָבער לעבט דאָס אליין נישט איבער און איז אין לעבן מיט דעם נישט געבונדן. נאָר אַצינד האָט אים דווקא אָנגעכאַפּט אַ בענקעניש און אַ נאָגעניש צו באַטרעטן דאָס דאָזיקע אָרט און נאָך אַמאָל איינזאַפּן אין זיך איר גאַנצע אטמאָספער. די ביז־אַהע־ריקע גייסטיקע מחיצה, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון איר, — איז אין דעם מאָמענט לחלוטין פאַרשווונדן, ווי מיט דער האַנט צוגענומען געוואָרן.

מרגליות האָט זיך דערנענטערט צום טיש און האָט זיך געפרעגט אויף ר׳ שמעיהן. ער האָט שוין לאַנג געהערט פונעם דאָזיקן צעטראָגענעם בעל־תשובה און שאַרפן קאָפּ, וואָס זיצט יומם ולילה אין בית שני און לערנט.

א סך מעשיות און לעגענדעס האָט מען וועגן אים דערציילט. ער איז שוין ווי א גוטער ייד נאָך ביי זיין לעבן געוואָרן לעגענדע. מען האָט דערציילט: אַז איינמאָל האָט ר׳ שמעיה געהאַט יאָרצייט, האָט ער ערב דעם טאָג געמאַכט גוואלטיקע הכנות, כדי צו גיין אויף קבר אבות.

זיין פאָטערס קבר האָט זיך אָבער געפונען אין זיין נאָענטסטן גע־בוירן־שטעטל, א פופצן קילאָמעטער פון דער שטאָט, איז ער ארויסגעגאַנגען מיטן זון־אויפשפראָץ, כדי פארנאכט צו זיין צוריק ביי זיך אין דער היים.

האָט ער אָבער אויף אינעם גיין נישט געוואָלט מבטל זיין פון דברי תורה און ער האָט אין סאַמע גאנג זיך פארטיפט אין די ענינים פון ספר יצירה. איז ער אזוי געגאַנגען און געגאַנגען און האָט אלץ זיך געדרייט אויף איין אָרט. און פון גרויס פארטיפטקייט האָט ער נישט געפילט נישט קיין הונגער און נישט קיין צייט, ווי אויסגעטאָן פון דער וועלט. ערשט ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען, ווי אויפגעוועקט פון שלאָף, האָט ער זיך געכאפּט „כי פנה היום", אַז דער טאָג איז פלוצים פארשווונדן, ווי מיט דער האַנט צוגענומען. — אַ שרעק איז אים באפאלן, ער זאָל חלילה נישט פאַרשפעטיקן די יאָרצייט.

האָט זיך אים אָבער פלוצים אויסגעוויזן, אַז ער זעט דעם שפּיץ פון שטעטלדיקן קלויסטער, וואָס געפינט זיך ביים סאַמע אריינגאַנג אין זיין געבוירן־שטאָט. און די נאָענטקייט איז ממש מיט דער האנט אָנצוטאַפּן.

האָט ער זיך צוגעאיילט און האָט מיטן גאַנצן כוח און אימפּעט געמומען גיין, אַזוי אַז ער האָט די נשמה פון זיך ארויסגעיאָגט. און געמיינט האָט ער, אַז פּארפאלן, וועט ער נישט דעם ערב יאָרטאָג גיין אויף קבר אבות, וועט ער דערפאר זאָגן צו דער צייט קדיש, און ערשט צומאָרגנס נאָכן דאוונען וועט ער דעם מכשול מתקן זיין.

איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, ביז די כוחות האָבן אים גענומען אויסגיין. ערשט אַרום האַלבער נאַכט האָט ער אינעם ליכטיקן לבנה־שיין זיך צוריק דערזען אַרום דער פּראוואָסלאַוונער תיפלה פון זיין אייגענער שטאָט. — — — — — — —

נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ. ס'איז „בקליפּת השום" קעגן צווייטן מכשול ר"ל, וואָס ער האָט צוליב זיין צעטראָגנקייט געהאַט. און געווען איז עס אין די יונגע יאָרן, באַלד נאָך זיין חתונה, ווען ער האָט נאָך געגעסן קעסט ביי זיין שווער ר' אָשר חריף. ער האָט, אָנקומענדיק אין א זומער־דיקן שבת פארנאכט אין דער נייער שטאָט, באַשלאָסן צו באזוכן זיינעם אַן אלטן ידיד מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געלערנט אין שטיבל און געפאָרן צום רבין. דער חבר זיינער האָט געוווינט הינטער דער שטאָט. ער האָט דאָס שמאָלע גויאישקע געסל גוט געקענט. איז ער דאָך אָבער געווען אַ פּלוט און האָט געהאַט א טבע שטענדיק צו טראכטן, איז ער, מעשה שטן, פאַר־גאנגען אין אַן אנדער הויז, מיינענדיק, אז דאָס איז זיין חברס הויז.

האָט ער געעפנט די טיר און גענומען אהין אַריינגיין. ווי אָבער ער איז אריין אין צימער, איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ יונגע פרוי, א יפת תואר, האָט ער באותו הרגע געוואָלט גיין צוריק, איז אים אָבער די חצופה פאַר־לאָפן דעם וועג און האָט זיך פאַר אים מיט אַ ווילדער פארשייטקייט אָנגע־הויבן אַנטבלויזן.

צו קיין דבר עבירה איז נישט געקומען. ער איז ווי א לייב אויפגע־שפּרונגען און האָט גיך צעריסן די נעץ פון שטן. — ער איז אין איין אָטעם אנטלאָפן פון דער חצופה. ער האָט אָבער אויף א מאָמענט געהאט הרהורי עבירה און ער האָט זיך געמוזט ראַנגלען מיטן יצר הרע, שטאַרק זיך גע־ראנגלט אזש אנגסטן זענען אים אַרויס און ער האָט זיך באַגאָסן מיט שווייס. און הגם ער האָט דעם שטן פאָרט בייגעקומען און ער ווייסט, אז דאָס פּרוווט מען אים אזוי אויס פון אויבן. — ווייל ווי גאָלד ווערט דורך פייער געלייר־

טערט, אזוי ווערט דער צדיק געלייטערט דורכן פייער פון נסיון, האָט ער זיך פאָרט נישט געקאָנט מוחל זיין דעם דאָזיקן נסיון.

פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אינגאנצן דערווייטערט פון דער וועלט. ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין בית שני און זיצט יומם ולילה און לערנט. לערנט און גראָבט זיך אין די טיפענישן פון דער אייביקייט. — און אַ תשובה האָט ער אויף זיך גענומען נישט צו רעדן א גאנצע וואָך אויסער שבת און יום־טוב. ער איז שוין א זקן, ר׳ שמעיה, אריבער די תשעים. זיין זיידע, ר׳ משה, איז נאָך געפאָרן צום קאָצקער. און א סברה, אז ער טאַקע, זיין זיידע בכבודו ובעצמו, איז געווען אין יענער נאַכט, ווען ר׳ מענדעלע ז״ל האָט אויסגעלאָשן די ליכט און האָט ווי א לייב אַרויסגעברומט זיין „לית דין ולית דיין״. — און ר׳ שמעיה פּרוּווט אים פאַרענטפערן אויף זיין שטייגער.

דאָס האָט די אהבת ישראל פון אים אַרויסגעשטורעמט, וואָס האָט אים דערבראכט צום דאָזיקן בונט כלפּי מעלה.

ר׳ מענדעלע איז געווען גרייט אויף מסירת נפש פארן כלל. ער האָט אין כולו זכאי נישט געגלויבט. און אויף כולו חייב האָט ער זיך אויך נישט געקאָנט דערוואַרטן — האָט ער געוואָלט זיך אַליין פאר א קרבן ברענגען. דער צדיק הדור האָט מיט זיך אליין די וואָגשאָל אויף כולו חייב געוואָלט אַריבער־וועגן. — האָט ער אויף זיך מקבל באהבה געווען אלע יסורים של גיהנום, אַבי דעם אמת פון דער גאולה צו ברענגען, די וועלט פון איר פּיין אויס־צולייזן.

און ניין! נישט, חלילה, געפאלן איז ר׳ מענדעלע געווען אינעם דאָזיקן נסיון. ווייל פאראן איז א מדרגה פון ירידה דאַן, ווען זי איז אָנגע־שפּאַרט אויפן העכסטן פעלדז פון אמת, וואָס איז אליין די העכסטע דערהיי־בונג. און ווער פון אונדז קאָן פאַרלייקענען די אומגעשטילטע תשוקה צום אמת, וואָס ר׳ מענדעלע האָט פארמאָגט? א תשוקה, וואָס האָט אים דער־ווייטערט פונעם עולם השקר, אים פון דער אייגענער ערדישער טאָל אַרויס־געטריבן, ביז צו דער מדרגה פון א מלאך...

לייבל מרגליות איז אריין אין בית שני.

אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אין טיש איז ר׳ שמעיה געזעסן מיט דער פּלייצע צום אויוון פאַרזונקען אין לערנען.

— „בהעלותך את הנרות, מען דארף אַרויספּברענגען די ליכטער.

מען דאַרף די טליענדיקע פונקן, די כמעט אויסגעלאָשענע אונטערן אַש פון דער טומאה, ארויפהייבן, העלפן זיי אַרויפשטייגן צו זייער שורש.

מען דאַרף דעם ניצוץ א׳ אינעם מענטש רייניקן, ווי די רערלעך פון דער מנורה פון זייער פאַרברענונג... און שטייגן, שטייגן דאַרף דער מענטש, ער דאַרף מעלין בקודש זיין, ביז די העכסטע הייכן. ביז דער נר נשמת אדם וועט זיך באהעפטן מיטן גרויסן פלאַם און ער וועט ווערן איינס כביכול מיטן „אחד״. — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער איז געווען איין ווייסער פלאַם, דער דאַזיקער עניוותדיקער זקן, ר׳ שמעיה. די טיפע ווייסקייט פון זיין לאַנגער באָרד, וואָס האָט אים דער־גרייכט ביזן גארטל, צוזאמען מיט דער ווייסקייט פון זיינע פאות און ברע־מען, האָט אַזש געבלענדט די אויגן. די דאָזיקע בלענדנדיקע ווייסקייט האָט פארשטעלט זיין אויסגעצערטן פאַרמעט־פנים. אים אַליין האָט מען פון שניי־וואַלד נישט אַרויסגעזען. זי האָט אים פאַרשלונגען אין זיך, די ווייס־קייט, ווי דער ים דעם טראָפּן.

לייבלס הויכער „גוט־שבת״ האָט ר׳ שמעיהן אויפגעוועקט פון זיין טיפן לערנען. ער האָט אויפגעהויבן זיינע שווערע ברעמען, און אָנשטעלנ־דיקן זיינע שוין אויסגעלאָשענע אויגן אויף לייבלען, האָט ער אים געענט־פערט: „גוט־שבת, גוט־יאָר״.

— וואָס מאַכט איר, ר׳ שמעיה, — האָט מרגליות ווי געוואָלט אַריין אין שמועס.

— נישט וואָס איך מאַך דאַרף מען פרעגן, לייבל, נאָר וואָס מאַכט דער כלל ישראל. ער איז א חולה מסוכן, נעבעך, דער כלל. מען דאַרף האָבן רחמים, גרויס רחמים דאַרף מען האָבן. נישט קיין וווּנדער, וואָס אזא קדוש ווי ר׳ מענדעלע האָט שיער נישט דעם נסיון אויסגעהאלטן. שיער נישט געוואָרן א מורד במלכות... ער האָט פאַרויסגעזאָגט אונדזער צייט, האָט ער דערפאר געוואָלט מקרב זיין די גאולה. נאָר נישט געלונגען איז אים, ווי אַ סך גרויסע פאר אים איז נישט געלונגען.

ער איז פאַרברענט געוואָרן, דער קאָצקער, אין זיין אייגענער אהבת ישראל. אינעם פלאַם פון זיין אייגענעם אמת פאַרצערט געוואָרן. און דווקא אַצינד, ווען די סכנה איז אזוי גרויס, האָבן מיר נישט ווער עס זאָל מגין זיין אויף אונדז. מיר זענען געבליבן כצאן בלי רועה, אויסער דעם איין־און־

איינציקן רועה, וואָס אין הימל. מען דאַרף אָבער שטילן זיין כעס, לייבל, איינהאַלטן זיין צאָרן. ווייל דער קיטרוג איז גרויס, זייער גרויס. — — —

„באַקאַנטע רייד", האָט לייבל געטראַכט, קיטרוג, קיטרוג, איינהאַלטן זיין צאָרן. ער האָט דאָס נאָר־וואָס געהערט ביי יענעם טיש. אַן אלטע גע־שיכטע אזא. אַן אייביק פאָלק, מיט אייביקע סכנות. שטענדיק אונטערן פייער פון אַ שונא. דער שונא בייט זיין געשטאַלט, בייט זיין אָרט, נאָר די שנאה איז, ווי דאָס פאָלק, אייביק.

— אָבער וואָס דאַרפן מיר טאָן, ר' שמעיה ? — האָט זיך לייבל אָנגע־נומען מיט דרייסטקייט און געפרעגט.

— בעטן צום אל רחמן ער זאָל אָפּווענדן זיין גזר, — האָט דער אלטער ר' שמעיה ארויסגעקרעכצט.

— נאָר דאָס, ר' שמעיה ?

— ניין, נישט נאָר דאָס. זאָל זיך יעדער ראַנגלען ווי ער קאָן, יעדער ייד דאַרף בשעת הסכנה זיין „העומד על נפשו". אויסער עובר צו זיין אויף די דריי זאַכן, אויף וועלכע ס'איז געזאָגט געוואָרן : „יהרוג ואל יעבור"...

— און איר אליין וואָס וועט טאָן ?

—— איך בין שוין אַלט, מיין צייט שוין אָפּגעלעבט. די אלטע דאַרפן בלייבן אויף די ערטער אייך נישט צו שטערן. נאָר די יונגע, דעם עתיד פון פאָלק, ראַטעוועט.

— שוין צו־שפּעט, ר' שמעיה. די סכנה קלאַפּט שוין אין טיר.

— ניין, לייבל, זאָג נישט קיינמאָל ס'איז צו־שפּעט. אַ פאָלק, וואָס פארלירט די האָפענונג, פארלירט זיך אַליין. — — — — — — — — — — — —

קאַפּיטל ניין

# די באָמבע אויף קראַנצס הויז

מרגליות האָט זיך געזעגנט מיטן אלטן ר׳ שמעיה און איז אַוועק. ס׳איז געווען איינע פון די שטילע זומערדיקע פארנאכטן. דער אָוונט האָט אויסגעזעזן צו זיין אַ מילדער און רויקער, די לופט אַ קרישטאָל־ריינע און דורכזיכטיקע. דער הימל, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט אַן אַש־גראָען פּרוכת, האָט אָנגעהויבן טונקעלער ווערן, ביז די אַשיקע גראָקייט איז איבער־געגאנגען אין א טונקל־סאַמעט־בלאָ.

די זון נאָר האָט זיך גענומען אראָפּלאָזן אַלע מאָל נידעריקער און נידעריקער פון איר הויכקייט, ביז זי איז א צעפּלאַמטע, אַ רויט־פאַרשעמטע, פאַרשווינדן ערגעץ הינטער די שטאָטישע מויערן. וואָס פאַר אַ סוד נעמט זי מיט מיט זיך אויף איר ביינאכטיקן גאנג? וועט זי אויפסניי אויפשפּראָצן אַן אויסגעוואשענע פונעם מאָרגן־טוי, אָן דער גרויזאמער בשורה פון ביי־נאַכטיקע דערשיטערונגען און אומגליקן, וואָס די מענטשן ברענגען אַליין אויף זיך? — האָט מרגליות געטראַכט.

אָבער גאָרנישט האָט זיך אַצינד באוויזן אויף דעם וועלטס־אויסגע־שפּרייט. — ווי א פארשמאכטער איז דער הימל געלעגן אין זיינע טונקעלע אָוונט־קליידער גרייט צו זיין נאכט־שלאָף.

נאָר פּלוצים האָט אין דער דאָזיקער שטילקייט ווי אַ מעכטיקער דונער אויפגעפּלאַצט, אזש די ערד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. מרגליות האָט גלייך פאַרריסן די אויגן צום הימל. אָבער ניין, דער הימל איז ריין. קיין וואָלקן, קיין אָנזאָגנדיקע כמארע — קיין ווינטל אפילו. עס קאָן נישט זיין קיין דונער. נאָר וווּנדערלעך, קיין רויש האָט ער אויך נישט געהערט און

קיין ערעפּלאַן האָט ער נישט געזען. פליען זיי שוין אזוי הויך, אז מען הערט זיי נישט און מען זעט זיי נישט...

באַלד האָט מען אים אָבער גענומען שטויסן פון אלע זייטן. ווי פון א פארפלייצונג זענען מענטשן ווי וואנזיניקע געלאָפן. און זיי זענען, אומ־באַוווסט פאר זיך אליין, דווקא געלאָפן צום אָרט פון אומגליק. קענטיק, זיי זענען געוואָרן איבעראַשט פון אומגעריכטן מוראדיקן אויפרייס. און די דאָזיקע ריכטונג איז מרגליותן דווקא געווען גוט באַקאַנט.

— וואָס איז געשען? — האָט מרגליות שוין מיט א קלאפּעדיק הארץ געפרעגט די איילנדיקע. און דאָס הארץ האָט זיך אים שוין פון דער מינוט אָן אָנגעהויבן וואַרפן אין זיין ברוסט־קאַסטן.

— אַ באָמבע האָט אויפגעריסן ערגעץ הינטער דער נאַרוטאָוויטשאַ.

— הינטער דער נאַרוטאָוויטשאַ? אין וועמענס הויז? — האָט מרג־ליות אַ טויט־בלאסער געפרעגט.

די מענטשן האָבן אים אויסגעמיטן צו ענטפערן. ער איז שוין אָבער אַציגד געלאָפן גלייך צו קראַנצס הויז. אין איין אָטעם געלאָפן. ביים הויז פון זיין שוויגער איז שוין געווען א געוואלדיקער געדראנג. די מיליץ מיט די פייערלעשער האָבן געמאכט א לעבעדיקן צוים ארום צעשמעטערטן איינשטאָקיקן הויז.

פון אונטער די חורבות, צווישן בילדער און צעקוועטשטע שבת־לייכטער, האָבן די סאַניטאַר־אַרבעטער פונעם רויטן קרייץ אַרויסגעשלעפּט צעריסענע קערפּער־טיילן. שטיקלעך לעבנס האָבן זיך געוואַלגערט ווי צעבראָכענע שערבלעך.

הינטערן צוים איז געשטאַנען זיין פרוי מיט אַרויסקריכנדיקע און וואנזיניקע אויגן. זי האָט זיך געריסן צו די חורבות, שרייענדיק: — גיט מיר אָפּ מיין מאַמען, שוועסטער און דעם שוואָגער מיט די קינדער. זיי זענען דאָך מיינע. פאַרוואָס נעמט איר זיי ביי מיר צו? — אירע וואנזיניקע גע־שרייען האָבן הימלען געקאָנט שפּאַלטן.

מרגליות אַליין איז ווי פארשטיינערט געוואָרן אי פונעם טראגישן בילד און אי פון אירע וואנזיניקע רייד. ער האָט אויף א מאָמענט פארלוירן דעם באַוווסטזיין, נישט באַנעמענדיק דעם זין פון זיין געפינען זיך דאָ און נישט וויסנדיק פונוואַנען ער האָט זיך דאָ גענומען. ביז אין זיין מוח־פינצ־

טערניש איז צוריק א ליכטיקייט אויפגעגאנגען, וואָס האָט אים ווי א שאַרפע נאָדל א פּיק געטאָן, פאַרשאַפנדיק אים אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. און ער האָט אין ווייטיק און קאָפּ־שווינדל דערזען שיינדלען...

זי האָט זיך אים פון אלע איבעריקע קרבנות ארויסגעשיילט, ווי ער וואָלט אין איר גאָר זיין באַזונדערן חלק געהאַט. „און נישטאָ מער שיינדל, נאָר־וואָס געווען, און שוין נישטאָ". די סאַניטאַרן האָבן זיך נאָך לאַנג געפּאָרעט ארום די חורבות, ביז זיי האָבן צונויפגענומען אלע קערפּער־רעשטלעך און זיי איבערגעגעבן צו דער חברה קדישא.

רחל איז נאָך לאַנג געשטאַנען ארום הויז. אירע ספּאַזמאַטישע גע־שרייען האָבן בילעכווייז נאָכגעלאָזט. זיי זענען אריבער אין א פאַרעקשנטן שווייגן. און דווקא פאַר דעם דאָזיקן שווייגן האָט מרגליות מער מורא געהאַט. ער האָט איר אָפּגעריסן פונעם אָרט פון אומגליק און אהיימגעפירט.

די נאַכט איז פאַר זיי ביידע געווען א שרעקלעכע. זי האָט זיך געצויגן אומענדלעך. און אין דער דאָזיקער אומענדלעכקייט האָבן אים באַהערשט ווילסטע קאָשמאַרן. פון איין זעאונג איז ער אריין אין א צווייטער, ביז די צייט האָט אים אָנגעהויבן פאַרשווינדן. פאַרשווינדן צוזאַמען מיט שיינדלען. נאָר די געוויין־אויפפלאַצן פון רחלען האָבן אים ארויסגעריסן פון זיינע אומענד־לעכע קאָשמאַרנע חלומות, אַרויסגעריסן, און אויף א ווייל אים באַפרייט פונעם נאַכטיקן קלעם.

אין די פרימאָרגן־שעהן האָט ער, א שוויס־באַגאָסענער, זיך אויפגע־כאַפּט פון שלאָף. און ווי איינער, וואָס וויל זיך באַפרייען פון אַ שווער־דריקנדיקער משא, האָט ער אצינד זיך געוואָלט באַפרייען פונעם גאַנצן געשעענעם. רחל איז צו אים צוגעשטאַנען, מען זאָל גלייך פונדאַנען אוועק־גיין. דווקא זי, וואָס האָט ביז היינט נישט געוואָלט הערן פון אוועקגיין, האָט, אויסניכטערנדיק זיך פון איר פיין־שיכרות, — אצינד געוואָלט אוועק.

— לייבעלע, טייערער, ווי גאָט איז דיר ליב, לאָמיר אַנטלויפן פון־דאַנען. אַנטלויפן ווי די אויגן טראָגן. איך וויל מער נישט זען דאָס צעשמע־טערטע הויז און זיך דערמאָנען אין מיין אומגליק. — האָט זי געזאָגט.

— צו שפּעט, רחל, ס׳איז שוין צו שפּעט. די וועגן זענען שוין פאַר־נומען און די דייטשע עראָפּלאַנען באַשיסן די יידישע פליטים ווי נאָר זיי באַוויזן זיך. און איך וועל אויף זיך נישט נעמען אזא אחריות. — האָט

מרגליות געזאָגט מיט אַ באַזונדערער ווייכקייט, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ וועלט מיט רחמנות אויף זיין פרוי, וועלכע האָט מיט איין קלאַפּ פארלוירן איר גאנצע משפחה.

— ס׳איז מיין שולד, טייערער, מיין שולד. איך האָב דיך געדאַרפט נאָך פריער פאָלגן, דו האָסט צו מיר גערעדט וועגן אַנטלויפן. נאָר גלייב מיר, לייבל, אז איך האָב נישט געקאָנט. בשום אופן נישט געקאָנט דאָס טאָן. איך האָב נישט געקאָנט איבערלאָזן די מאַמע מיט דער שוועסטער. אַציגנד אָבער איז שוין אַלץ איינס. גאָט אַליין האָט מיך פון זיי באַפרייט. מיט געוואלט באַפרייט. אויף א גרויזאמען אופן האָט ער מיך פון זיי אָפּגעריסן. אויף אייביק פון זיי צעשיידט.

— ביסט מתרעם אויף זיין גזר, רחל, — האָט דער נישט־פרומער מרגליות געזוכט אַ גרונט מיט איר אייגן געוועט איר צו באַרויקן. אַ ייד איז מצדיק דעם דין אויפן שלעכטן ווי אויפן גוטן. „ער האָט געגעבן און ער האָט צוריקגענומען״. צו וואָס־זשע פאַרצערן אין פּיין. בפרט, ווען די אבידה וועט שוין סיווי נישט צוריקקומען ?... מען דאַרף שלום מאַכן מיט דער לאַגע, אונטערדריקן דעם אייגענעם ווייטיק, רחל.

— יאָ, לייבל, וואָלט דאָס געווען אַן אלגעמיינע צרה, וואָלט מען זיך נאָך געקאָנט טרייסטן. כאָטש אויך אויף א נאטור־קאטאסטראָפע קלאָגט מען און מען וויינט, מען פאַרדריקט אָבער באַלד די ציין און מען פאַר־פּרעסט די ליפּן אין אָנבליק פון דער ווילדער סטיכיע און בשותפותדיקער הילפלאָזיקייט. אָבער דאָ צילט דער שונא זיינע פיילן קודם כל אין אונדז. נאָר אונד יידן וויל ער אומברענגען פון דער וועלט און גאָט אַליין העלפט אים צו אין דער דאָזיקער מערדערישער אַרבעט. גילט פאר אונדז נישט אפילו דער „צרות רבים״... ווייל מיר זענען דער איינציקער אויסנאָם, דער איינציקער „יוצא מן הכלל״.

— אָבער, רחל, ווערן מיר דען דאָס ערשטע מאָל געשלאָגן ? מיר זענען דאָך דער אייביקער בליץ־אָפּלייטער פון דער וועלט. מקדמונים דאָס הילפלאָזע שעפּסעלע פאַר יעדן מזבח און קרבן, דער וועלטס קרוליקעס, אויף צו מאַכן איבער אונדז אלע רשעות־עקספּערימענטן. און דאָס איז אונדזער באַשטימונג און גורל.

— דאָס זענען, מיין מאַן, טרעפלעכע רייד. אפשר ווי דו רופסט עס

געשיכטע־דערקלערונג. און דו ווייסט, אז קיין גרויסער מבין אין דעם בין איך נישט. נאָר דאָס זעט מיר אויס, ווי איך וואָלט געלייענט די אייביקע מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וואָס טראָץ מיין גערירטקייט איבער אירע אין בלוט־געווייקטע בלעטער, זעען זיי מיר אויס ווי עפּעס, וואָס איז וווייט פון אונדז. ווייט אין שטח און צייט... נאָר דאָס, וואָס מיר האָבן אַצינד אַליין איבערגעלעבט, מיט די אייגענע אויגן זיך צוגעקוקט צום גרויל פון אונדזערע נאָענטסטע, פילנדיק יעדע רגע דעם ווייטיק און פּיין, וואָס די דייטשע בארבארן האָבן אונדז פארשאפט, איז צו דעם נישטאָ קיין שום דערקלערונג און טרייסט. ס'איז נישט דאָס מיטפילן מיט יענעמס ווייטיק, נאָר אונדזער ווייטיק און פּיין. מיין אייגענע מאמע און שוועסטער זענען פאר אונדזערע אויגן געוואָרן צעריסן אויף שטיקער, און זיי זענען פאַר מיר מער נישטאָ.

אַ גאַנצן טאָג איז שוין רחל פון איר מאַן נישט אָפּגעשטאַנען. ווי זי האָט פריער נישט געוואָלט אַוועקגיין, אַזוי איז זי אַצינד געוואָרן באַהערשט פון אַ דראנג דווקא אוועקצוגיין. ווי די גאנצע ישועה וואָלט אין דעם געווען. און מרגליות האָט זיך איר אַצינד נישט געקאָנט קעגנשטעלן. בפרט נאָכדעם, וואָס ס'איז געשען...

— רחל, — האָט ער געזאָגט, — אַז דו ווילסט דווקא מיר זאָלן פונ־דאַנען אַוועקגיין, וועלן מיר נאָך היינט אין אָוונט אַרויסגיין. אין דער נאַכט־טונקלקייט וועלן אפשר די באַנדיטן אונדז נישט אזוי באמערקן.

דער אָוונט איז גיך צוגעפאַלן. די נאכט איז געווען אַ טונקעלע. זיי האָבן זיך ווי גנבים געשאַרט ביי די זייטן פונעם וועג, נישט אַרויסצורופן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. און האַלטנדיק זיך, ביים אַרויסגאַנג פון שטאָט, האַרט ביי די פעלדער, האָבן זיי זיך ווי שאָטנס שטיל באַוועגט אין דער נאַכט־פינצטערניש.

מרגליות איז געגאַנגען פאָרויס, באַלאָדנט מיט א פּעקל פון די נייטיקסטע זאכן אויף די פּלייצעס. הינטער אים האָט זיך שווער געשלעפּט רחל מיט די קינדער. זייער ציל איז געווען אריינצובאַקומען זיך דורכן נאָענטסטן וועלדל, אין דער שכנותדיקער שטאָט אַריין. און פון דאָרטן, נאָך א קליינעם אָפּרו, פאָרזעצן דעם וועג, כדי אַריבערצוקומען אויף דער סאָ־וויעטישער זייט.

דער וועג איז אינגאַנצן געווען פאַרשטאָפּט פון פּליטים. מערסטנטייל יידן. פויערישע וועגענער האָבן זיך אויסגעמישט מיט אויטאָמאָבילן פון פאַרמעגלעכע פּליטים און פון פוילישע הויכע באַאַמטע. ראָווערן און מאָטאָ־ציקלען האָבן זיך געפּלאָנטערט און אינאיינעם מיט די פוסגייער זיך צוזאַ־מענגעפּלאָנטערט אין איין גרויסן הילפלאָזן געפּלאָנטער.

די געשרייען און דער טומל פון די פאָרנדיקע, וועלכע האָבן באַשול־דיקט איינע די אנדערע אין פאַרהאַלטן דעם וועג, איז געווען אין לשער.

מרגליות איז שוין געווען צופרידן, וואָס ער האָט נישט באַקומען קיין וואָגן און עס קומט אים אויס זיך צו שלעפּן צופוס, צופוס, האָט ער געטראַכט, וועט זיין גרינגער זיך אריינצובאקומען אינעם געדיכטן וועלדל, און אַזוי ארום אויסמיידן דאָס אויג פונעם שונא.

דער שונא איז אָבער נישט געשלאָפן. די בלוט־גיריקע פאַרטאַיעטע דייטשע פליער האָבן דורך די פון זיי געוואָרפענע ראקעטן, וואָס האָבן ווי בליצן געשניטן די פינצטערניש, עדות געזאָגט, אז די נעץ פונעם מערדערס טויט־געפאנג איז אויסגעשפּרייט איבער זיי. און די פאסמעס ליכט, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אויפגעטויכט אויפן פינצטערן הימלישן ים, האָבן אָנגעצונדן אַ שרעק אין די הערצער פון מרגליותן און רחלען.

זיי זענען אָבער בלית־ברירה ווייטער געגאנגען, אין דער האָפענונג צו דערגיין צום וועלדל, וואָס איז שוין געווען נישט ווייט פונדאנען. ווי אַ טרינקענדיקער, וואָס כאפּט זיך אָן אין א שטרוי, האָבן זיי געלייגט זייער גאנצע האָפענונג אויפן וועלדל. דאָס וועלדל האָט פאַר זיי געזאָלט זיין דאָס שפּרונג־ברעט צו זייער לעצטער האָפענונג.

א פינצטערניש און אַ שטילקייט האָט אצינד באהערשט מרגליותעס וועג. די ראָד־באַוועגונג איז שוין געווען פאַרביי. מיט אלע כוחות האָבן זיך די פאָרער באמיט ארויסצורייסן פון דער ענגשאפט און אריבעריאָגן איינער דעם אנדערן.

יעדער איינער האָט, אין סכנה פאַרן אייגענעם לעבן, געוואָלט זיין דער זיגער אינעם וועט־געיעג פאַר דער אייגענער זיכערקייט. האָבן זיי אין זייער געאייל ווייט איבערגעלאָזט מרגליותן הינטער זיך מיט נאָך צענדליי־קער יידן, וועלכע האָבן, ווי ער, געאיילט צום וועלדל.

אַ שוואַרץ חיהלע, ווי פון עמעצן געיאָגט, איז אויף גיך אַריבערגע־

לאָפּן דעם וועג און ערגעץ פאַרשווונדן אין דער פינצטערניש. מרגליות האָט מיט די לעצטע כּוחות פאַרגיכערט זיינע טריט, כּדי וואָס גיכער אָנצוקומען צום וועלדל. ער האָט הינטער זיך אַ קוק געטאָן צו רחלען מיט די קינדער, אונטערטרייבנדיק זיי אים נאָכצופאָלגן.

נאָר ווי שוואַרצע אָדלערס וואָלטן זיך פּלוצים אַראָפּגעלאָזט פון זייערע הויכקייטן צו באַפאַלן די אומבאַהאָלפענע פייגל, אַזוי האָבן זיך פּלוצים מיט איין מאָל אַראָפּגעלאָזט פון זייערע הימלישע באַהעלטענישן די דייטשע „מעסערשמידן", און שוין זענען זיי נידעריק געפלויגן איבער די קעפּ פון די אומבאַשיצטע וואַנדערער, באַוואַרפנדיק זיי פון אַלע זייטן מיט טויטלעכן בליי.

אַ בהלה, געמישט מיט ווילדע געשרייען און קרעכצן, איז מיט איין מאָל אויסגעבראָכן ביים סאַמע וועלדל. מרגליות האָט, אַראָוואַרפנדיק די משא פון זיינע פּלייצעס, אויף דער גיך זיך אומגעקערט צו זיינע נאָענטע.

אין אַ קאַלוזשע בלוט מיט פאַרגליווערטע אויגן איז רחל געלעגן אויף דער ערד, דריקנדיק צו זיך די צוויי טויטע קינדער. לעבן זיי, עטוואָס צע־וואָרפן, זענען געלעגן די איבעריקע יידן. זייערע גופים זענען ווי אַ זיפּ גע־ווען צעלעכערט פון די דייטשע מאַשין־ביקסן. קיין איינער פון זיי איז נישט געבליבן לעבן.

אַ ווײַלע איז מרגליות אַ פאַרשטיינערטער אַליין געבליבן שטיין אויפן דאָזיקן צעבלוטיקטן שטיקל ערד. ער האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן און איז אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. אָבער נאָך מער האָט ער געפילט דעם ווייטיק פון פאַרשעמטקייט — איבער דער אומבאַהאָלפנקייט פון זיין פאַלק. ער האָט צוזאַמענגענומען זיינע געדאַנקען און זיי געוואָלט ברענגען צו קבורה אינעם נאָענטן וועלדל. ערשט אַ פרישער עראָפּלאַן האָט זיך באַוויזן איבער זיין קאָפּ און האָט אים גענומען פאַרפאָלגן.

ער איז מיט די לעצטע כּוחות אַריין אין וועלדל און האָט זיך אין די קוסטעס־געדיכטעניש געוואָרפן אויף דער ערד. ער האָט קריכנדיק אויף אַלע פיר, פון צייט צו צייט געביטן דאָס אָרט. ער איז אַזוי אָפּגעלעגן, ביז אַ פרישע שטילקייט איז אַריינגעטראָטן. אַזוי ליגנדיק אין ווייטיק און פּיין, האָט ער פיל געטראַכט. געטראַכט איבער זיך, איבערן אייגענעם גורל און איבערן גורל פונעם ייד.

אַזוי אומברחמנותדיק איז דער גורל צו אים. נאָר וואָס האָט ער געהאַט אַ משפחה, נאָענטע. ער האָט געהאַט קראַנצן, אַ טאַלאַנטפולן מאָלער, האָט געהאַט שיינדלען, זיין גייסטרייכע שוועגערין, און נאָך מער, האָט ער אין איר זיך אַליין געהאַט... און ער האָט געהאַט אַ שוויגער־מוטער. נאָר־וואָס איז דאָס געוועזן און ס'איז נישטאָ מער. און ער איז נאָך צו זיך נישט געקומען פונעם ערשטן קלאַפּ, ווי שוין טיילט אים דער גורל צו אַ צווייטן, נאָך אַ שטאַרקערן: ער פאַרלירט די נאָענטסטע, זיינע אייגענע בני־בית.

ער איז אַצינד אַליין אויף דער וועלט. און דאָס אַלץ, ווייל ער איז אַ ייד. דער „יהוה"־גייסט ברענט אין אים און דער „שדי" איז אים אויס־געקריצט אויפן שטערן. און זע, קיין איין נישט־ייד איז נישט אומגעקומען פון די בעסטיעס. דער גאַנצער רעדער־קאַראַוואַן, וואָס איז אַדורך פאַר זיינע אויגן, איז דעם זעלבן וועג אַדורך בשלום. נאָר ווי נאָר ער איז אַדורך, אזוי האָבן זיך באלד די בעסטיעס אראָפּגעלאָזט איבער די יידישע קעפּ און האָבן אָנגעהויבן צו האָגלען מיט טויט, נישט שוינענדיק קיין קינדער און פרויען.

און וואָס איז דאָס אזוינס אַ ייד, וואָס איז דאָס אין אים, וואָס רופט אַזוי אַרויס דעם צאָרן פון דער וועלט קעגן אים? פונוואַנען דער חיהשער האַס און די בלוטיקע גיריקייט פון די דייטשע קאַניבאַלן נאָך זיין גוף און נשמה?

איז דאָס קנאה־שנאה צום גייסטיק־שטאַרקערן; צום פאַרעקשנטן עקשן פון דער וועלט, דעם טראָץ און אחד פון די פעלקער, צו דעם וואָס וויל נישט שטאַרבן טראָץ אַלע אויף אים אַרויפגעלייגטע טויטן?...

אָדער איז דאָס בלויז די אייביקע חיה אינעם מענטש, וואָס שאַרפט שטענדיק אירע ציין צום שוואַכערן פון זיך?...

*

מרגליות איז אזוי אָפּגעלעגן ביז די פינצטערניש האָט אָנגעהויבן נאָכ־לאָזן. ער האָט פאַרן ארויסגיין פון שטאָט געמיינט, אַז ביינאכט וועט זיכערער זיין צו גיין. די עראָפּלאַנען וועלן זיי נישט באַמערקן. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער דאָס פאַרקערטע.

די דייטשן נוצן געשיקט אויס די פינצטערניש און פאַלן פּלוצים

אָן אויף די אומבאַוואָפנטע וואַנדערער וואָס באַמערקן זיי נישט און דערשיסן זיי צום טויט. וועט ער דעריבער אין מאָרגן־טונקל בעסער זען אויסצומיידן דעם שונאס ציל.

ער האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צוריקגיין אין זיין שטאָט. ווי גרויס די געפאַר זאָל נישט זיין, איז זי פאָרט קלענער אין שטאָט ווי אין אָפענעם פעלד. איבעריקנס, זיי וועלן דאָך נישט חרוב מאַכן די שטאָט, אין וועלכער זיי וועלן אַליין אַריינגיין. בפרט ווען זיי וועלן איר מוזן צוריקגעבן אַ גאַנצע צו די סאָוויעטן. און ער איז אין די מאָרגן־שעהן אַ פאַראבלטער, אַ זינקענדיקער אינעם אייגענעם טרויער, אָנגעקומען צוריק אין זיין היים.

## קאַפּיטל צען

# בעלאַ

בעלאַ איז געווען אַ שיין מיידל פון חסידישע עלטערן. אַ מיטל־וווּקסיקע שאַטינקע מיט אײַדעלע געזיכט־שטריכן, איז זי געווען די שפּי־לעוודיקייט אַליין.

איר איבערגעפּולטן לוסט צום לעבן האָבן נישט אַלע פאַרשטאַנען. איר אויסלעבונגס־דראַנג, וואָס האָט זיך גענומען פון אַ באַזונדערן סקעפּ־טיציזם, פון אַ פאַרלייקענען דעם זין פונעם לעבן, האָט מען נישט באַנומען. מען האָט נישט געקענט באַגרייפן איר איבערגעטריבענעם לעבנס־פרייד, וואָס איז אין דער אמתן מער נישט געווען ווי דער אויפגעבלאָזענער שוים פון איר לעבן.

זי איז פרי גייסטיק רייף געוואָרן. אין איר רייפקייט האָט זי באַלד גענומען זוכן דעם תכלית פונעם לעבן. און נישט געפינענדיק אים, האָט זי אָנגעווירן אין אים דעם גלויבן. האָט זי אַ נישט־גלויביקע אינעם לעבן, אינעם זעלבן לעבן זיך געוואָלט דערטרונקען...

ווי אַ צום טויט פארמשפּטער שלינגט גיריק איין אַלץ, וואָס ער קריגט אַרויס פונעם לעבן, אַזוי האָט זי דאָס לעבן אַליין פאַרמשפּטנדיק, וואָס מער פון דעם געוואָלט ארויסבאַקומען. באַגרייפנדיק די זינלאָזיקייט פון יעדן פאַרמעסט קעגן דער נאַטור, האָט זי דורך איר אייגענער צעזונגענ־קייט — איר א צו־להכעיס געוואָלט אָפּטאָן.

די דאָזיקע אויבנאויפיקע סתירה האָבן נישט אַלע פאַרשטאַנען. בפרט די, וואָס האָבן אין געוויסע צייטן ביי איר פּלוצים דערזען א שווערע ערנסטקייט אויף איר פּנים.

זי האָט אויך פארמאָגט א באַזונדערע דרייסטקייט, א דרייסטקייט צו

בארירן פראגן ביזן דערגראָבן זיך צו זייער וואָרצל. נאָך מער, זי האָט געקאָנט פעסטע מיינונגען, ווי דעמבעס איינגעזעסענע אַקסיאָמען, איבער־דרייען מיטן וואָרצל. זי האָט די זאכן און דערשיינונגען אַנטבלויזט און זיי אַוועקגעשטעלט אין זייער גאנצער נאַקעטקייט. און טראָץ דעם, וואָס מען האָט מיט איר אָפטמאָל נישט געקאָנט מסכים זיין, איז אָבער געפעלן געוואָרן איר דרייסטקייט און שארפקייט. בפרט פאר א פרוי אין אירע יאָרן. אויך לייבלען האָט זי געגומען מיט איר לעבנס־לוסט און דרייסטקייט.

זי איז געווען מרגליותעס אן אלטע באקאנטע. ער איז אמאָל גאָר שטארק צו איר געווען צוגעבונדן. זי איז פאר אים געווען ווי די ערשטע פרוי, וואָס א יונגער מענטש באַגעגנט אויף זיין וועג, אין צייט פון זיין רייף ווערן. ווי א שמעטערלינג, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס באפרייט פון דער פופּע, און ווערנדיק פארשיכורט פון ליבע און לעבנס־לוסט זוכט ער זיין וועג צו דער זון און בלום, אזוי האָט זיך דאן דער יונגער מרגליות געריסן פון זיינע פענטעס, — צו פרייהייט און לעבנס־לוסט.

ער האָט נאָר־וואָס פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זיינע שטייגער־מלבושים און דעם עול פון פארצוווייגטן רעליגיעזן פאָרמאַליזם, ווי די יונגע לעבנס־לוסטיקע בעלאַ האָט אים פארפּלאָנטערט אין איר נעץ.

זי האָט אפילו געהאט די פעיקייט אירע אייגענע פרומע עלטערן צו האַלטן אין צוים. די זעלבע עלטערן, וואָס וואָלטן זיך מוסר נפש געווען פארן מינדסטן אָפּנייג, האָבן זיך לגבי זייער טאָכטער גאָרנישט ווי־סנדיק געמאכט, ווייל זי האָט געקענט מיט א באזונדער חנעוודיקער זיסקייט, וואָס נאָר איר איז עס געווען אייגן, שטילן די תרעומות פון אירע עלטערן, ווי פון יעדן איינעם.

איר מילדער, ווי בעטנדיקער בליק, האָט יעדן גלייך אַנטוואָפנט. דאָס בלויזע איינעסן זיך פון אירע סאַמעט־ווייכע סאַרנע־אויגן האָבן ביי איר „קרבן״ אויסגעצויגן יעדן פארלאנג פון קעגנערשאפט צו איר. אויף וועמען נאָר זי האָט אָנגעצילט אירע שוואַרצע אויגן־פיילן, איז יענער שוין פון איר געוואָרן געטראָפן...

אַזוי איז מרגליות באַלד געוואָרן איר מעדיום. זי האָט אים אזוי פארהיפּנאָטיזירט, אז ער איז אין איר אָפּוועזנהייט אַרומגעגאנגען א מאכט־

לאָזער. ערשט אינעם שטח פון איר זיין און ווירקן האָט ער באקומען זיין כוח און לעבנס-לוסט.

ווי אַ בין, וואָס עסט זיך איין אין איר קרבן, האָט זיך בעלא ארייג־געכישופט אין אים. און ער האָט איר כישוף געטראָגן אין זיך, ביזן פאַר־געסן זיך.

און אָנגעהויבן האָט זיך עס פון א קלייניקייט. פון יענער מאסע קלייניקייטן, וואָס שטעלן צונויף דאָס לעבן. גאָר שפּעטער, ווען ער האָט געטראכט דערפון, האָט ער אליין נישט געקאָנט גלייבן, אַז ער איז שוין אויסער איר ווירקונגס־שטח.

אמת, גאָר אינגאנצן האָט ער איר נישט געהאט פארגעסן, זי איז אָבער ווי די איבעריקע לעבנס-פונקטן אינעם מענטשלעכן לעבן, געוואָרן פארשטויסן און פאַררוקט אין הינטערגרונד. אויף זיין לעבנס-הימל זענען אויפגעקומען אַנדערע שטערנס, וואָס האָבן בעלאָס ליכטיקייט געלאָשן און זי אויף א צייט פארפינצטערט.

געוועזן איז עס דעמאָלט אַן איבערגאנג אין זיין לעבן. ער איז צוריק־געקומען פון מיליטער, ווו ער איז אריין א נישט־דערפארענער און געזע־טיקטער פונעם לעבן. שוין אויף דער שוועל פונעם דאָזיקן לעבנס-פעריאָד, האָט ער זיך געפילט א צערייצטער דורכן לעבן אליין.

גלוסטנדיק צו לעבנס-פרייהייט, כדי אומגעשטערט צו זעטיקן דעם קערפּער און גייסט, איז זיין דאָזיקער באגער געוואָרן געשטערט דורך די קייטן פון געוויינהייט און שטייגער.

ער האָט שטאַרק זיך געמוזט ראנגלען אי מיט זיך אליין, אי מיט די ארומיקע שטערונגען. און ווען ער האָט טריט נאָך טריט אָנגעהויבן לויזער מאכן די דאָזיקע קייטן, ווען עס האָט זיך אים געדאכט, אז ער וועט זיך באפרייען פון די דאָזיקע פענטעס, האָט א פרישער עול גענומען שטיקן און ווערגן זיין לעבן.

דאָס פיינטלעכע צו אים פאָטערלאַנד האָט אים פאַרקאָוועט מיט נאָך שווערערע קייטן. דאָס אייזערנע העמדל פון מיליטערישער דיסציפּלין, וואָס מען האָט אים אָנגעטאָן אויף זיין לייב, און די סאָלדאַטסקע בלינדע געהאָרכ־זאמקייט האָט אומגעהויער געפּרעסט אויף זיין מענטשן־ווירדע און גייסט.

איז דעריבער, ווי נאָר ער האָט זיך באפרייט פון דער דאָזיקער לעבנס-געפאַנגענשאַפט, האָט ער זיך ווי א פאַרשטאָפּטער קוואַל, וואָס רייסט

זיך אויף דער אויבערפלאך, מיט שטורעם געריסן צום לעבן. ער האָט גע־וואָלט זיין לעבנס־דאָרשט שטילן אינעם סאַמע לעבן אליין, באַפרידיקן זיין נייגעריקייט און זעטיקן זיין צערייצטקייט. ער האָט לאַנג אזא מעגלעכקייט נישט געדאַרפט זוכן. בעלא איז אים אומגעריכט אנטקעגנגעקומען און האָט אים אויסגעשטרעקט איר ווארעמע האַנט.

באַרוישט פון אייגענעם ווילן צום לעבן און פון בעלאַס שפּרודלדי־קייט און זוניקייט, האָט ער ווי אַ זומער־פייגעלע אַרום דער בלום געפּרוווט אויסטאַנצן גאָר זיין לעבנס־פרייד ארום איר.

די דאָזיקע צייט האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אַנדערע כוחות, שטאַרקערע פון די, וואָס בעלא האָט געקאָנט אויסאיבן, האָבן באַווירקט דעם ווייטערדיקן גאַנג פון זיין לעבן. זיי האָבן אים פון איר אַרויסגעריסן, כמעט קעגן זיין ווילן ארויסגעריסן. און ער האָט, א ווילנלאָזער, פּונקט אזוי ווילנ־לאָז ווי ער איז געווען אונטער בעלאן, אזוי ווילנלאָז איר פאַרלאָזט. נאָר ווען מרגליות האָט איר געפּרוווט פארגעסן, וואָס איז אים נישט אינגאנצן געלונגען, האָט זי אים לחלוטין נישט פארגעסן. זי האָט אים נישט פאר־געסן, ווייל זי האָט אים נישט, ווי ער, אויסגעביטן אויף א צווייטן. זי האָט נאָר מיט א סטאָישער רויקייט אויפגענומען איר קלאַפּ ווי מען נעמט אויף יעדן קלאַפּ פון דער נאַטור.

זי האָט זיך צוריקגעצויגן פון איר שפּרונג, — אַזוי נאַטירלעך ווי זי האָט אים געמאכט. זי האָט זיך ווידער אויסגעלעבט אין איר עקסטרא־וואגאנטקייט ווי פריער. זי האָט פאָרגעזעצט איר לעבנס־שטייגער. און ער, מרגליות, צעטומלט פון זיין געצווונגענעם שריט, איז געוואָרן ווי וואַקס ווייך פאר יעדן איינעם און נאָכגיביק. ער האָט חתונה געהאט פאר זיין טראַ־גיש־אומגעקומענער רחל.

די שטאָט איז געוואָר געוואָרן פון מרגליותס אומגליק. הגם פאַרנו־מען מיט זיך אליין, מיט די אייגענע צרות און מורא פארן מיט סכנות אָנגעלאָדענעם מאָרגן, האָבן דאָך די יידן פון דער שטאָט זיך באַטייליקט אין מרגליותס צער. זיי האָבן אין אים געזען די טראַגעדיע פונעם גאנצן פאָלק. זיין פאַל איז נישט קיין יחידישער. — זיין אומגליק איז דער אומגליק פונעם כלל. ס'איז דער קרבן פונעם ייד־זיין. פאַר דער שליחות פון א באַ־ווּסטזיין, וואָס א גאַנץ פאָלק האָט מקדמונים אויף זיך גענומען.

און קיינער קאָן זיך פון אזא אחריות נישט באפרייען, וואָס איז דורך פייער און בלוט צעמענטירט געוואָרן. מיט צופיל בלוט פון דורות איז דער דאָזיקער בונד געוואָרן געהתמעט. און מען קאָן דורות גאַנצע נישט לאָזן אויף הפקר. עס וועט אויך נישט העלפן. מען קאָן פון זיך אַליין זיך נישט אָפּרייסן.

אויך בעלא האָט דערפון געטראכט. פון די היטלער־געשעענישן אָן איז זי געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. זי האָט אויך אַצינד טיילווייז דאָס לעבן פאַרלייקנט. זי האָט אָבער צו דעם פריערדיקן טראָץ, צובאַקומען א נייעם צו־להכעיס. און דער דאָזיקער נייער עלעמענט האָט איר אָנגעפילט מיט אַ זיסקייט און א נייעם לעבנס־אינהאַלט.

דווקא אצינד, ווען דאָס לעבן איז נאָך מער געוואָרן דערשיטערט. ווען די יסודות פון דער מענטשלעכער קולטור זענען געוואָרן צעטרייסלט און אייביקע ווערטן געטראָטן דורך מטורפע יונגען מיט באַקאָוועטע שטיוול, האָט ביי איר אויפגעוואכט א נייער באוווסטזיין, וואָס האָט איר לעבן אָנגע־פילט מיט א נייעם לעבנס־עליקסיר.

און דאָס איז געווען דער פאָלקס־באַוווסטזיין, וואָס האָט מיט א באזונ־דערער קראפט אין איר דערוואכט. אינעם דאָזיקן באַוווסטזיין האָט זי אצינד אויפגעלייזט אלע אירע ספקות און ביזאהעריקע ראנגלעניש.

זי האָט, אגב, שטענדיק ליב געהאט זיך צו ווארפן אין א סכנה־פול אָרט. דווקא דער באַדראָטער פונקט האָט געלאָקט און גערייצט אירע כוחות.. איר גייסט האָט פון שטענדיק אָן ליב געהאט זיך צו נערן מיט דעם שפּאַנענדיקסטן און דראמאטישסטן פונעם לעבן. און דער יידישער גורל האָט איר איצט צוגעטיילט גענוג דראמאטישן שטאָף. א שטאָף פון אזא טראגישן פארנעם, וואָס די געשיכטע געדענקט שוין לאנג נישט.

בעלא איז ארומגעגאנגען אַ צערודערטע. שוין לאנג ווי זי האָט מיט לייבלען איבערגעריסן. אייגנטלעך, האָט ער, לייבל, מיט איר איבערגעריסן. און ס'פּאַסט נישט פאר איר אים צו באזוכן. פריש איז נאָך איר ווונד, — ווי אלט אין צייט זי זאָל נישט זיין.

זי איז צוליב אים אויסגעשטאנען א גרויסן נסיון. דעם גרעסטן, וואָס א מענטש קאָן נאָר אויסשטיין. וואָרעם וויפל האָט געפעלט זי זאָל צוזא־מענברעכן ווי עס ברעכט צוזאַמען אַ צופיל אָנגעדריקטע כלי. נאָר אַדאַנק

איר ביסל רעזערווירטן סקעפּטיציזם, וואָס באַהאַלט זיך הינטער איר יעדן עקסטאַז, איז איר געלונגען איינצוהאלטן דעם גלייכגעוויכט.

נאָר נאַיווע מענטשן זעען דעם צעשוימטן גאָלד פונעם ווײַן־באָקאַל און נישט זיין אייגענע ביטערנישי — זיי זעען דעם זונען־בליק, וואָס בינדט אויף דעם קנאָספּ, נאָר נישט דעם שטראַל, וואָס קושט אויס ביז צום טויט דעם טראָפּן... נאָר צי האָט זי אַצינד רעכט צו שפּילן זיך מיט איר שטאָלץ און אמביציע? זעט זי דען נישט ווי גרויזאַם דער גורל איז צו אים. וויפל ער איז שוין געשטראָפט געוואָרן דורך אזא קורצע צייט, און צי מעג מען איבערלאָזן א פארצווייפלטן מענטש זיך צו ראנגלען אין זיין אייגענער פארצווייפלונג און נישט אויסשטרעקן אים א רעטונגס־גארטל ?...

יאָ, האָט זי נאָך א שווערער ראנגלעניש מיט זיך אַליין באשלאָסן: זי וועט פאַרגעסן אַלץ, וואָס איז געווען. אלץ, וואָס האָט ווי א וואנט זיך געשטעלט צווישן זיי. ס׳איז איצט נישט קיין צייט אויף חשבונות. ער איז אונדזער אַלעמענס קרבן. אויך איך, און יעדער איינער פון אונדז, האָט געקאָנט זיין אויף זיין אָרט. צופעליק נאָר, איז ער, לייבל, דער אויסגעקלי־בענער. ער איז אָבער דער סימבאָל און דער טרעגער פון אונדזער אלעמענס אומגליק. און מען קאָן אים אַצינד נישט לאָזן אליין אין זיין אייגענער איינ־זאמקייט. זי קען גוט דעם טעם פון איינזאמקייט. בפרט, פון א פון גורל געטראָפענעם מענטש. און אין דער אמתן איז ער גאָרנישט אזוי שולדיק אין איר. ער איז א ווערקצייג פון זיין אייגענעם צוואַנג, ווי די נאטור־כוחות זענען א ווערקצייג פון זייער אייגענעם מעכאנישן לויף...

בעלא איז די נאכט שווער אנטשלאָפן געוואָרן. זי האָט זיך ביטער געראנגלט מיטן שלאָף. אָט, אָט, האָט זי אים אָנגעכאַפּט ביי דער „האַנט" און אָט האָט ער זיך פון איר ארויסגעגליטשט.

געדאַנקען און בילדער זענען ווי שלאַנגען אַפּירגעקראָכן פון הינטער איר באַוווסטזיין. זיי האָבן זיך געקרייצט, געראַנגלט צווישן זיך, און ווי די מענטשן אויף דער וואַך ארומגעריסן זיך פאר דער הערשאפט איבער איר. ביז איר באוווסטזיין האָט זיך אין א כאאָטישן פלאָנטער צוזאמענגעפלאָנ־טערט און איז באזיגט געוואָרן דורך דער שטאַרקערער מאכט פון שלאָף.

...ס׳איז אַ וווּנדערלעכער זומער־אָוונט. זי גייט מיט לייבלען שפּאַ־צירן צום טייך. ביים טייך באַפאַלט איר א חשק צו שיפן זיך. די נאַכט איז אזא שיינע.

דאָס וואַסער אינעם שטראַלן־שפּריץ פון די הימלישע ליכטער שי־מערירט מיט בלאָען שפּיגל־שימער. די פייערלעך טוקן זיך אין וואַסער, ווי פאַרכישופטע וואַסער־נימפעס.

זי זיצט אין לאָדקע און אנטקעגן איר וויאָסלעט לייבל אַזוי שלווה־דיק, אַזוי ריטמיש. ער שיפט און רייסט די אויגן פון איר נישט אָפּ. בייגט זיך איין און וויל איר אַ קוש טאָן. נאָר דאָ שפּרינגען פּלוצים פון וואַסער אַרויס יונגע, באַוואָפנטע מענטשן, אַזעלכע בייזע מיט גליאיקע שפּיציקע אויגן ווי ביי מלאכי חבלה, וועלכע כאַפּן איר אָן און שלעפּן איר אַרויס פון לאָדקע. זיי לאָזן זיך מיט איר אַראָפּ צום גרונט פון טייך. נאָר דאָ אויפן דנאָ פון טייך איז אַזוי פינצטער און דושנע, אַז עס פעלט איר אויס אָטעם.

זי רייסט זיך פון זיי אַרויס און אַנטלויפט. נאָר ווו זי לויפט, איז זי אַלץ אַרומגענומען מיט אַזעלכע בייזע שפּיציקע אויגן. און ווו נאָר זי טוט זיך אַ דריי, ווערן די אויגן פאַרוואַנדלט אין ביקסן מיט גלאַנציקע שטיקעס, וואָס שטרעקן זיך צו איר און נעמען איר אַרום מיט זייער שפּיציקן שאַרף אין אַ שטאָלענעם רינג.

זי איז אין אַ פיינלעך־מוראדיקן קלעם און זינקט איין פון שרעק אין איר אייגענער פאַרגעסנקייט. — נאָר פּלוצים ווערט זי באַנומען פון אַ לייבן־גבורה. זי באַקומט צוריק איר זכרון און איר דרייסטקייט. זי רייסט אַדורך דעם רינג און שווימט צוריק אַרויף אַ צעבלוטיקטע צו לייבלען.

*

לייבל נעמט איר אריין אין לאָדקע, וואַשט איר אָפּ די ווונדן און באַוואַרפט איר מיט צערטלעכקייטן. אַ געריהרטע פון איר נאָר־וואָס אַדורכגעמאַכטן נסיון און פון לייבלס וואַרעמקייט צו איר, ברעכט זי אויס אין אַ ביטער געוויין. פון איר וויינען ווערט דאָס שיפל פול מיט וואַסער און זי הייבט אָן זינקען. בעלא, אַ טרונקענדיקע, שרייט מיט אַלע כוחות צו לייבלען: — לייבל, האַלט זיך, זאָלן דיך די נסיונות נישט צעברעכן. די קייט מוז האָבן די רינגען...

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק. זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן די איינצלהייטן פון חלום. איר זכרון איז געווען ווי צעשווומען, און ווי דורך אַ נעפּל איז איר די ביינאַכטיקע זעונג אַרויפגעקומען. דאָס האָט איר נאָך מער צעררייצט און צעטומלט. ביז ווי אַ מאָרגן־

ליכטיקייט איז א קלאָרקייט אין איר אויפגעגאנגען, וואָס האָט פאַרטריבן דעם נעפּל פון איר זכרון. זי האָט זיך אינגאנצן דערמאָנט אין חלום. און זי האָט פעסט באַשלאָסן צו גיין צו לייבלען.

*

מרגליות איז אַרומגעגאַנגען אין צימער און האָט פאר זיך קיין רו נישט געפונען. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן בעט, באנוצנדיק זיין אלט אויס־געפּרוווט מיטל פון שלאָפן, פארטויבן דעם באַוווסטזיין מיט די חושים: ער האָט געוואָלט געווינען צייט. וואָס מער צייט. ער האָט געוווסט, אז די צייט איז דער בעסטער רופא פון אלע דריקונגען, וואָס לייגן זיך אויפן מענטש־לעכן גייסט און געמיט. ער וואָלט אַצינד גאָר געוואָלט זיין עפּעס אַ נישט־טראַכטנדיק באַשעפעניש. נאָר ווי אויף צו־להכעיס איז זיין געדאַנק אַצינד געווען קלאָר און זיין באַוווסטזיין וואַך. און די דאַזיקע קלאָרקייט פון זיין געדאנק האָט אים געמאַטערט און פון אים געריסן שטיקער.

דאָס בילד פון דער לעצטער נאַכט האָט זיך אָפּגעפרישט, אויפגעקו־מען אין אים און פון אים נישט געוואָלט אָפּטרעטן. עס האָט באַהערשט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט און גאָר זיין וועזן.

ער זעט די קערפּערס פון זיין פרוי און קינדער צעלעכערטע ווי אַ זיפּ, און בלוטנדיקע אויף די וועגן. און דאָס טראַגישסטע, דאָס פּיינלעכסטע: ער האָט זיי צו קבר ישראל נישט געבראַכט. חיות און רויב־פייגל וועלן צעפרעסן זייער לייב און זייער געביין איבערלאָזן פאר אַ הפקר־געוואַלגער פאר יעדן שטויב און שמוץ.

און ער איז אזוי אומבאַהאָלפן, פּונקט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי ער איז געווען אין יענעם מאָמענט, ווען די בעסטיעס האָבן אויף זיי געהאָגלט מיט טויט. איז נאָך פאראן א גרויזאַמערע שטראָף פאר א מענטש ?...

און מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן פילן די איינזאַמקייט וואָס פרעסט אים. זי האָט זיך אים באזונדער ארויסגעשיילט פונעם גאַנצן ווייטיק און פיין־געפלאָנטער. ער וואָלט געדאַרפט האָבן עמעצן מיט וועמען צו טיילן זיך מיט זיין צער. כאָטש מיטן בלויזן בליק זיך טיילן. אַ בליק פון א נאָענטן, פון א גוטן פריינד, קאָן אויך מילדערן דעם ווייטיק, גרינגער מאַכן דאָס שווער־באַטריבטע געמיט.

אין דעם מאָמענט איז ווי א שטערן אין א פינצטערער נאכט, אין זיין באַוווסטזיין אויפגעגאנגען דאָס געשטאַלט פון בעלאַן. זי איז דאָך די

איינציקע פון זיינע אַמאָליקע פריינד פאר וועמען ער פלעגט גאָרנישט אויסבאַהאַלטן.

אמת, ער האָט איר וויי געטאָן. נאָר דער אלמעכטיקער איז זיין עדות, אז אינגאַנצן שולדיק איז ער נישט געווען. ער האָט אפשר ארויסגעוויזן צופיל קליינמוטיקייט. — ער האָט דאַן נישט געהאט גענוג כוח צו ראַנגלען זיך מיט די אָנלויפנדיקע כוואַליעס פון לעבן. און זיין ווילן איז צעריבן געוואָרן דורך די דאָזיקע לעבנס־כוואַליעס. זי וועט אים אָבער פארשטיין. זי וועט אים מוחל זיין, בפרט אַצינד. און ער וועט איר פאַרגיטיקן, וויפל נאָר א שטערבלעכער איז בכוח צו פארגיטיקן.

קאַפּיטל עלף

# בעלאַ קומט צוגיין

אַ שאַרפער קלינג אין טיר האָט איבערגעריסן זיינע מחשבות און אים אַרויסגעפירט פון זיין געדאַנקען־פאַרווירונג. אין טיר האָט זיך באַוויזן בעלא, וועלכע ער האָט מיט אַ שטיל־געדעמפט קול אריינגעבעטן. זי האָט זיך געזעצט אַנטקעגן אים און אים געפרעגט וואָס ער מאַכט.

— אָ, בעלאַ, — האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון גערירט־קייט. — גוט, וואָס ביסט געקומען. אין צייט געקומען. עס דריקט אַזוי און עס ווילט זיך אַ ביסל באַפרייען פון דער דריקנדיקער לאַסט. האָב איך נישט קיין רעכט אויף דעם? טאָר איך שוין גאָרנישט אָפּטעמען, לויזער מאַכן דעם קלעם אין וועלכן דאָס גרויזאַמע לעבן האָט מיך איינגעקלעמט?

— לייבל, רעד נישט אַזוי. אַלץ וואָס האָט אַ אָנהייב מוז האָבן אַ סוף. מען דאַרף פאַרגעסן, אין געדאַנק נישט צוריקברענגען, דאָס וואָס מען קאָן אין לעבן נישט צוריקברענגען. נאָר דאָס, וואָס איז מיטן לעבן גע־בונדן, דאַרף זיך אין א לעבעדיק האַרץ און מוח באַזעצן. ביסט נאָך יונג און האָסט אַלע מעגלעכקייטן אָנצוהייבן אויפסניי. דער שטורעם וועט נישט אייביק דויערן. און וואָס גרעסער דער שטורעם, אלץ גיכער מוז ער ווי אַ שטאַרקער גאָס־רעגן אויפהערן.

„שאַבלאָנע טרייסט־ווערטער”, האָט מרגליות געטראַכט. אויך ער וואָלט אויף איר אָרט דאָס זעלבע געזאָגט.

— אָבער, בעלא, פאַרוואָס קומט עס אונדז ייִדן צו טרינקען פון ביטערן בעכער, פאַרוואָס מוז נאָר אויף אונדז דאָס גאַנצע שלעכטס אויס־געפּרוווט ווערן? זענען מיר דען נישט די זעלבע מענטשן ווי די אַנדערע?

— ווי מענטשן, יאָ. ביאָלאָגיש די זעלבע. נאָר ווי אַ נאציאָנאלער קאָלעקטיוו, ווי יידן, — נישט. מיר האָבן זיך אַנטוויקלט צו אַן אנדער טיפּ. מיר האָבן אונדזער נאַציאָנאלן כאראקטער אַנדערש פאָרמירט. די געזעצן פון דער נאטור זענען איינע און די זעלבע פאר אלע. מען קאָן אָבער געוויסע גייסט־ און כאראקטער־שטריכן, וועלכע זענען אין זייער עצם נישט יסוד־דותדיק, — קאָרעגירן און איבערארבעטן. און די דאָזיקע איבעראַרבעטונג ווערט אין לויף פון דער צייט אַ געוווינהייט, ווי א צווייטע נאַטור. האָבן מיר, ווי אַ פאָלק, באקומען אַן אנדערע נאַציאָנאַל־גייסטיקע נאַטור. און די פעלקער, ווי די מאַסן, האָבן אין זייער טבע נישט ליב דאָס באַזונדערע, דאָס אַנדערשדיקע: אויסטיילנדיקע. דאָס אַלגעמיין־אָנגענומענע, דאָס שאַבלאָנע, ווילן זיי. זיי האַסן אין זייער טיפסטע טיפענישן די פערזענלעכקייט. זיי ווילן נישט קיין יוצא מן הכלל. הגם אויסערלעך פּרווון זיי אונטערדריקן, אויס־באַהאַלטן דעם דאָזיקן האַס. און ס'איז פאַראַן אין דעם א געוויסע לאָגיק, אַ פסיכאָלאָגישער אמת. דעם מאַסן־מענטש דאכט זיך, אז דער יוצא מן הכלל האלט זיך העכער פון אים, פארריסענער לגבי אים, דעם גראָען מענטש. ווייל לגבי א העכערן מוז דאָך זיין אַ נידעריקער. דערזעט ער אינעם הע־כערן — זיך, דעם נידעריקן. און ער פילט זיך באַליידיקט און געטראָפן אין זיין שטאָלץ. און די באַליידיקונג, געקרעפטיקט און גענערט דורך נאָך סיבות און ווירקונגען, ווי: קנאה, קאָנקורענץ און מאַטעריעלע גיריקייט, גייט איבער אין אַ טיפערן האַס, ביז, ביי אַ גינסטיקער קאָניוקטור, — אינגאַנצן צו פאַרניכטן דעם אָביעקט פון זיין קנאה און שנאה.

— הייסט עס, בעלאַ, אז דער האס צו אונדז האָט א געוויסן גרונט. און די שנאת ישראל איז אַן אייביק־דויערנדיקע. מיר זענען אויף אייביק פאַרמשפּט צו זיין דער אָביעקט פון זייער שנאה.

— אַ גרונט, לייבל, אַ פסיכאָלאָגישן, נאָר נישט קיין מענטשלעך־עטישן. און דאָ איז דער אונטערשיד. מיר אליין זענען דעם האס נישט ווערט, מחמת, נישט ווייל מיר זענען אין דער אמתן ערגער איז דער האַס צו אונדז, הגם אונדזערע שונאים פּרווון דאָס באַווייזן, און ס'איז פאַרשטענד־לעך, זיי מוזן דאָך באַרעכטיקן זייער שנאה, נאָר ווייל מיר זענען, לויט אונדזער נאַציאָנאַל־פסיכישן געבוי, אַנדערש. אַנדערש מיט אונדזער גלויבן און פסיכישן אויפנעם. און דאָס איז דווקא אונדזער ווערט ווי אַ נאציאָנאלע אינדיווידואַליטעט. און לאָמיר זאָגן דעם אמת: ווי א ייד זאָל זיך נישט

פרווון פאַרלייקענען, איז ער אַלץ אין זיך אַנדערש ווי דער נישט־ייד. אויך אונדזער צעצאָרנט זונדל אָטאָ ווייניגער, וואָס האָט זיך צעבריקעוועט קעגן זיין פאָלק, האָט דאָס נישט געהאָלפן. און ער איז דערדריקט געוואָרן אינעם אייגענעם פרווו זיך סותר צו זיין; געפּלאָצט אין זיין אייגענעם באַשאפענעם פּסיכישן קעגנזאַץ. אויך זיין טיפער האַס צו דער פרוי און צו אלדאָס יידיש־ווייבלעכע איז אַ רעזולטאַט פונעם דאָזיקן אייגן־געשאַפענעם פּלאָנטער — פון וועלן זיך באַפרייען פון דער גערישנטער פּסיכיק פון זיינע אָבות, פון דער נשמה־גאַנצקייט און גייסטיקער האַרמאָניע, וואָס זיי האָבן ארויסגע־בראכט. און ווייל אונדזער אַנדערש זיין איז יידיש־יסודותדיק, נאַציאָנאַל־וועזנטלעך, — איז די שנאה צו אונדז אַ שטאַרקע, כמעט אויך אַ וועזנט־לעכע. און פונעם דאָזיקן צושטאַנד קאָן אונדז באַפרייען אָדער אַ פון זיך אליין זיך אָפּזאָגן, אַ נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד, וואָס צו דעם גלוסטן נישט נאָר אונדזערע שונאים, נאָר אויך א טייל פון אונדזערע „גוטע פריינד״, אָדער אַן אַלגעמיין עטיש דערוואַכן, וואָס זאָל פלייצן מיט אַהבת הבריות, געדאַנקען־פרייהייט און פעלקער־טאָלעראַנץ. אָבער היות עכטע יידישקייט איז אידענטיש מיט מענטשלעכקייט, זי איז מענטשלעך לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם, נאָך מער, דערהויבענע יידישקייט איז אַ העכערע מדרגה פון מענטשלעכקייט און אונדזער נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט איז נישט מער ווי דער אופן צו דערהאַלטן די דאָזיקע יידישקייט, — איר מענטש־קערן אין איר נאַציאָנאלער פאָרם, — וועל איך שוין בעסער, הגם אין פיין און ליידן, ווארטן אויף דער אַלמענטשלעכער דערוואַכונג, אויפן זיג פון דער זעלבער יידישקייט.

— און דו, בעלאַ, מיינסט טאַקע ערנסט מיט דיין יידישקייט, דו, די פאַרלייקענערין פון אלע ווערטן און פרייער פויגל אין די הימלען פון געדאַנק ?... — האָט מרגליות מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט.

— לייבל, ס׳איז, ערשטנס, אַ יחידס מיינונג נישט אזוי וויכטיק, וויכטיקער איז, וואָס ס׳איז אָנגענומען ביים פאָלק. מעגן אפילו אַנדערע אַנדערש טראַכטן. מחמת, נאַציאָנאַל־וואָרצלענדיק איז דאָס, וואָס קרעפטיקט דאָס פאָלק, וואָס האַלט אונטער זיין קיום און פלאַסטערט זיין ווייטערדיקן לעבנס־גאַנג. און ס׳איז נישטאָ קיין אנדערע עצה. קיין גרויסן אויסוואַל האָבן מיר נישט. אונדזער אויסוואַל איז באַגרענעצט צווישן יאָ און ניין. זאָגסטו יאָ, דאן מוזסטו טרעטן אויף דעם דורותדיקן וועג. זאָגסטו ניין,

בלייבט דיר נאָר אַרויסצוגיין פון דער מחנה. נאָר אויך דאַן, האָסטו נישט ווהין אריינצוגיין. יעדנפאַלס איז פאַרן ערשטן דור דער וועג פאַרשלאָסן, אויף זיבן שלעסער פארמאַכט. נאָר דאָס ערגסטע איז דאָס פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס. די פחדנים און די אויך־יידן טוען דעם פאָלק דעם גרעסטן שאָדן. זיי זענען אפילו, ריין־מענשטלעך, פאַרברעכער. אַ מענטש דאַרף האָבן מוט צו באַשליסן. און די מחנה דאַרף בלייבן פעסט און ריין... נאָר וואָס שייך מיר פערזענלעך, האָב איך געמאַכט מיין גרויסן חשבון. איך האָב געוויגן און געמאָסטן, אויפן קווינט געוויגן. און ס'איז אַרויס מיין פעסטער „יאָ". יאָ! פאַר מיין פאָלק. איינאיינציקער „יאָ", וואָס באַיאָעט אַצינד מיין לעבן. אינעם לאַבירינט פון מיינע לעבנס־פּלאָנטערנישן האָב איך אַ ליכטיקן פונקט געפונען, וואָס באַלייכט מיר דעם וועג. און איך באַיאָע דעם נאַציאָ־נאַלן גייסט פון ישראל, די האַרמאָניע פון דער יידישער פּסיכיק און די עטישע לייטערונג און שיינקייט, צו וועמען אַלץ דאַרף ווערן משועבד. און פאַרלאַנג נישט פון מיר קיין פּינקטלעכע דעפיניציע פון מיין גלויבן. יעדער איינער נעמט אָן אָדער פאַרלייקנט גאָט לויט זיינע מעגלעכקייטן. און קיין אינגאַנצן אומגלויביקע זענען נישט בנמצא. נאָר פאַרמיש נישט דעם פאָר־מאַליזם פון גלויבן, וואָס איז „מעשי ידי אדם" — מיט זיין סאַמע עצם... און ס'איז גענוג, אַז מיר זענען איניק אין די הויפּט־עיקרים, וואָס צעמענ־טירן דאָס פאָלק. און דאָס זענען: „אחד", איין פאָלק און „היה הוה ויהיה". ס'פאָלק איז געווען, ס'איז דאָ און וועט זיין.

מרגליות איז פון איר געווען צופרידן. אירע אקציעס האָבן זיך ביי אים געהויבן, אי פון איר אומדערוואַרטן קומען אין אזא צייט, ווען ער פילט זיך צעבראָכן, אי פונעם שפּרונג, וואָס איר געדאנק האָט אַדורכגעמאַכט. די געשעענישן פון דער לעצטער צייט האָבן, ווייזט אויס, געמאַכט אַן איבער־קערעניש אין איר דענקען. ער האָט איצט באַנומען דעם זאָג: „מה שלא יעשה השכל, יעשה הזמן", וואָס דער שכל באַווייזט נישט, באַווייזט די צייט.

זיי זענען אַזוי אַריין אין שמועס, אז זיי האָבן פאַרגעסן ווו און אין וואָס פאַר אַ צייט זיי געפינען זיך. בעלא איז דערפון דווקא געווען צופרידן.

דאָס האָט זי דאָך אייגנטלעך געוואָלט. דאָס איז דאָך געווען דער ציל פון איר קומען, אַרויסצורייסן אים פון קלעם פון צער און פיין, אין וועלכן ער האָט זיך געפינען. זאָל זיין אויף דערווייל, נאָר דער אייביקער רופא, די צייט, וועט שוין אירס אויך טאָן.

מרגליות איז אצינד געווען אַדורכגענומען מיט אַ ווארעמקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער זיין גאַנצן קערפּער. ער האָט אין זיך דערפילט אַ באַזונדערע אויפרעגונג. — ער האָט געוואָלט צו איר צוגיין און אַרויסווייזן זיינע געפילן. ער האָט זיך אָבער פאַר זיך אַליין פארשעמט. נאָך צו־פרי, האָט ער געטראַכט. און ער האָט מיט געוואָלט אונטערדריקט זיינע אייגענע געפילן.

ער האָט איר אָבער שוין צוריק אַריינגענומען אין זיך. אינגאַנצן איר אַריינגענומען. דער כוח, וואָס האָט איר פריער פון אים פאַרשטויסן, איז פאַרשוווּנדן. אויך בעלאַ האָט זיך דערפילט אָפּגעפרישט און ווי גייסטיק באַנייט. די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין מרגליותן, האָט זיך אויך צו איר איבערגעגעבן.

דער צושטראָם, וואָס האָט גענומען שטראָמען אין מרגליותעס בלוט, האָט פון זיינע לעבנס־זאַפטן אויך פאַר איר זיין חלק אויסגעטיילט. און זיי האָבן זיך ביידע דערפילט ווי גענערט פון די זעלבע לעבנס־כוחות, ווי אָנגעטרינקען פון איין און דעם זעלבן לעבנס־קוואַל.

זי האָט אפילו נישט געזען די פיזישע מחיצה, וואָס טיילט זיי אָפּ. ווארעם מוז דען דער מענטש זיין אַ גאַר באַזונדערער יש, אַז אינגאנצן פאַר זיך אָפּגעשלאָסן וועלטל? ער מוז עס נישט. ער קאָן מיט זיין גאנצער באַזונדערקייט זיך אריינלעבן אין צווייטן. די כוחות זענען צעטיילט און צוזאַמענגענומען; צעריסן און פאראייניקט. זיי לעבן און דערנערן זיך פון די אייגענע סתירות. און דאָס, וואָס איז אינעם טראָפּן, — איז אויך אינעם גאנצן ים פון זיין.

— אָבער, בעלא, — האָט מרגליות נישט אָפּגעלאָזט, — צי די סיבה פון דער שנאה צו אונדז איז אַן עטישע, צי א פּסיכאָלאָגישע, וואָס נעמט זיך פון אונדזער אַנדערש זיין, איז זי דאָך אַלץ אויסגעבונדן מיט אונדזער ווייטערדיקער עקזיסטענץ. און דאָס מאַכט נישט גרינגער די לאגע. ס׳איז נאָר אַ טרייסט פאר עטישע פיינשמעקער און דענקענדיקע יידן. די מאַסע אָבער נעמט אויף זאכן לויט דעם ווי זיי ווירקן זיך קאָנקרעט אויס, — און די אויסווירקונגען פון אזעלכע געשעענישן קאָנען ווערן פאטאל פארן פאָלק. איבערחזרנדיקע זיך קאַטאַסטראָפעס ברענגען אונדז נישט נאָר אַ פיזישן חורבן, נאָר אויך א גייסטיקן. זיי צעטרייסלען דעם יסוד אויך פון

די לעבנגעבליבענע און ווירקן שלעכט אויף גאַנצע דורות. און דיין טרייסט אויף דער אַל־עטישער דערוואַכונג איז אַ טרייסט פון „אחרית־הימים״. — די עקסטרעמען קומען זיך צונויף. אָדער ס'איז אזא פסיכישע לית־ברירה־דיקייט אין וואָס דאָס לעבן נייטיקט זיך... אויך אין דער ביטערניש פון אונדזער נאציאָנאלן לעבן מוז זיין די זיסקייט פון האָפענונג.

— און דו, לייבל, וואָלסט נישט וועלן האָבן דעם כישוף פון טרייסט און האָפענונג?

— אינגאַנצן נישט וועלן, דאָס נישט. ווייל דאָס לעבן וואָלט אָן דעם געווען פינצטער. נאָר ווי דימענטן זיי אריינפאסן אין זייערע רינגען, אַלץ מוז זיין אין אָרט און צייט... איבערגעטריבענע האָפענונג איז שעדלעך, ווי עס איז שעדלעך ליכט פאַר די אויגן. אויך די ליבע, ווען זי איז איבערגעטריבן, נישט אין אָרט און מאָס, איז שעדלעך. כ'מיין נישט די מענטשן־ליבע, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין אָן א גרענעץ, נאָר די געשלעכטלעכע ליבע, וואָס מען האָט פאַרשוונדעוועט. אונדזער צייט פון מעכאַניזאציע האָט אויך די ליבע פארמעכאַניזירט... די היינטיקע קולטור בכלל מארשירט אונטער דעם צווייקעפיקן עמבלעם פון שונד, פון אַוואַנטוריסטישן און עראָטישן, וועמענס ציל עס איז די צערייצונג פון די געבליטן און די שפּאַנונג פון די נערוון. דער געשריי פון די אַמאָליקע רוימער „ברויט און פאַרוויילונג״ חזרט זיך היינט איבער אונטערן לאָזונג: „ברויט און בלוט״. בלוט אין אַלע אירע פאָרמען. און מיטן זעלבן אימפּעט, וואָס דער מענטש וואַרפט זיך צו באַפרידיקן זיין עראָטישע אַוואַנטורע, וואַרפט ער זיך אויך צו באַפרידיקן זיין רוצחיש־בלוטיקע אַוואַנטורע.

— אָן ליבע, לייבל, וואָלט די ערד געוואָרן אן אויסגעלאָשענער פּלאַנעט. זי וואָלט, ווי פריער, זיך געדרייט אַרום איר אַקס און דער זון, זי וואָלט אָבער נישט געהאט פון וועמען באַוווּנדערט צו ווערן.

— אָבער, בעלאַ, נישט קעגן דעם עצם פון ליבע טרעט איך אַרויס, נאָר קעגן פאַרוואנדלען איר אין א פרימיטיווע זינלעכקייט און עראָטישע רציחהדיקייט...

— יאָ, לייבל. אויב אַן־און־פאַר־זיך עקזיסטירט נישט קיין גוטס און שלעכטס, אויב אַלץ איז בלויז א געצייג אין אייגענעם מעכאַנישן לויף, — איז אָבער דער מענטש ווי אַ בריאה און דענקענדיק וועזן אָפּהענגיק פונעם

גוטס־ און שלעכטס־פּראָבלעם. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז גאָר זיין אייגן פּראָבלעם. קיין זאַך פאַר זיך איז נישט צעצווייט. דער מענטש נאָר שפּאַלט עס לויט זיין אייגענער גוטס־ און שלעכטס־מאָס. ער נאָר, דער בן אדם, איז דער באַשאַפער פון ליכט און שאָטן אינעם לעבן, וואָס איז פאַר זיך אליין גאָרנישט בנמצא. ווען גאָר דאָס מענטשלעכע שלעכטס, אויך דאָס נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע, וועט פארשווינדן, וועט אויך די צעשפּאַלטונג פון די לעבנס־דערשיינונגען אינעם מענטש גופא פאַרשווינדן. און אַנשטאָט די צעצווייאיקטקייט פון מענטשלעכער פּסיכיק, וועט פאָרקומען איר פאַראיינהייטלעכונג.

— פונדעסטוועגן, בעלאַ, וועט נאָך אויך דאַן, צוליב דער וויר־קונג פון די נאַטור־דערשיינונגען אויפן לעבן, די פּסיכישע דערשיינונגען זיין אינעם מענטש.

— יאָ, דאָס וועט נאָך אויף א צייט בלייבן. נאָר מיטן פארשווונדן פון אלדאָס מענטשלעכע שלעכטס וועט דער מענטש זיך אויסלערנען אויפ־צונעמען דאָס איבעריקע נאַטור־שלעכטס מיט אַ סטאָישער רויקייט ווי אַן אומפאַרמיידלעכקייט. און דורך דער דאָזיקער פּסיכישער געוווינהייט וועט שוין מיט דער צייט די מענטשלעכע פּסיכיק אַליין פאַרגאַנצט ווערן.

## קאַפּיטל צוועלף

# די לעצטע טעג

די טעג פון דער שטאָט זענען געווען די לעצטע.

אַלע האָבן שוין קלאָר באַגריפן, אַז דאָס באַלדיקע נישט־אריינקומען פון די דייטשן איז נישט צוליב זייער שוואַכקייט, נאָר עס נעמט זיך פון דער זעלבסטזיכערקייט פון א טייוולאַנישער מאכט, וואָס האָט שוין נישט קיין מורא פאַר קיינעם. בפרט נישט פאַרן באַזיגטן פוילן, זי זאָל באַלד צוריק אויפשטיין תחית המתים. — ס'איז קלאָר, אַז די סיבה איז אַ פּאָלי־טישע, — דער דייטש־סאָוויעטישער אָפּמאַך. איבעריקנס, האָט דאָס בולט באוויזן דער אַרומגענומענער גאַרטל פון די פאַרנומענע שטעטלעך אַרום דער דאָזיקער צענטראַלער שטאָט. — האָט די דאָזיקע דייטשע זעלבסט־זיכערקייט נאָך מער געשראָקן און פאַרצווייפלט די געמיטער.

דערווייל האָבן זיך אויף די ליידיקע פלעצער פון שטאָט באוויזן די ערשטע יידישע פליטים, וואָס זענען אַהער אנטלאָפן פון די שטעט, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן.

מיט אַלערליי פורן און וועגענער זענען זיי געקומען, די דאָזיקע פאַר־יאושטע יידן, זיך ראַטעווען פון דער דייטשער פעסט אין דער דאָזיקער נאָך נישט פאַרנומענער שטאָט. דאָס זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געבראַכט די ביטערע גרוסן פון די דורך די דייטשן באַזעצטע ישובים.

דער ראַדיאָ און די איבעריקע אינפאָרמאַציעס, וואָס זענען אַהער דערגאַנגען, האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידן. די דייטשן זענען מיט אַ שווינדלדיקער גיכקייט געגאַנגען פון זיג צו זיג. כמעט גאַנץ איראָפּע איז שוין געלעגן א מאַכטלאָזע, א געשענדעטע און געבונדענע צו די פיס פון דער בעסטיע, וואָס איז ארויס פונעם אייגענעם דזשונגל. דאָס אויפגע־

קומענע דעמאָקראטישע טשעכאָסלאָוואַקיע האָט זיך שוין פון לאנג גע־צאַפּלט אין אירע חיהשע לאפּעס.

דאָס שכנישע פּאַריסענע פּוילן איז בלויז אין משך פון זעקס וואָכן געוואָרן פּאַרציקט פון דער חיה. בעלגיע און די סקאַנדינאַווישע לענדער זענען שוין געלעגן צו אירע פיס.

דאָס גרויסע פרייהייט־ליבנדיקע פראַנקרייך, דאָס לאַנד ביי דער וועלטס באַלעבטסטע ימים, האָט קאַפּיטולירט און איז גרינג געוואָרן באַ־צווונגען פון איר אַלטן שונא. זי האָט פריי־געמאַכט דעם וועג צום לאמאנש־קאַנאַל. נאָר דאָרטן, ביים לאַמאַנש־קאַנאַל, איז געשטאַנען איינע אליין דאָס אינדזל־פאָלק, וואָס האָט אין לויף פון דורות געזאַמלט איר מאַכט, ווי אַ שניטער זיין שניט.

אַ פאַרעקשנטער, פול מיט בטחון אין די אייגענע כוחות, איז ער געשטאַנען, דער דאָזיקער ענגלישער אַלביאָן, אליין, אין דעם וועלט־געראַנגל פאַר זיין פרייהייט. ער איז געשטאַנען, דער באַהערשער פון די ימים און אונטעריאָכער פון פעלקער, דער אונטערדריקער פון די יידן אין זייער איי־געגער היים, און דער באַצווינגער פון זייערע שיפן, — אונטערן שוץ פון זיין וואסער־פאַנצער — גרייט אָפּצושלאָגן אלע דייטשע אטאקעס.

און ער איז, ווי אַ לעגענדאַרישער גבור קעגן אַ שרעקלעכער פאַר־זעעניש, געשטאַנען ביים טויער פון זיין אייגן לאַנד, אַצינד די פעסטונג פון דער וועלטס האָפענונג, מיט דער ברכה פון אַלע פרייע פעלקער אויף צו באַזיגן די בעסטיע.

אויך דאָס יידישע פאָלק, דאָס ליידנדיקסטע פון אלע ליידנדיקע, האָט בלית ברירה געשיקט זיין ברכה צום פאַלשן אַלביאָן, וואָס נוצט אַזוי געשיקט אויס די בייבל און די האָפענונגען פון די פעלקער פאַר זיינע אייגענע צוועקן.

די באַמיונגען פון ענגלאַנד, אז אמעריקע זאָל אריין אין קריג אויף דער זייט פון דער פרייער וועלט, און צום צווייטן מאָל ראטעווען איר פון אונטערגאנג, איז נאָך נישט געווען געקרוינט מיט דערפאָלג.

א נייטראלע, א זאטע, איז אויף יענער זייט אטלאנטיק געלעגן די אויפגעקומענע פרייהייטלעכע מדינה פון דער נייער וועלט, וואָס האָט מיט פרידלעכע מיטלען געפרווט איינהאלטן דעם מארש פונעם טייוול.

נאָר ווי דאַן, אינעם ערשטן וועלט־קריג, האָט זי דערווייל, אין דער שטיל, געזאמלט גאָר אירע כוחות, צו צוימען די דייטשע הידרע און צו ראטעווען די וועלט פון אונטערגאנג.

די דאָזיקע לעצטע טעג זענען פאַר דער שטאָט געווען די רויקסטע. ווי אָפּגערעדט זיך, האָבן אַצינד די „מעסערשמידן" אויפגעהערט צו וואַרפן זייערע באָמבעס און די מאַשין־ביקסן צו באַשיסן די אומשולדיקע מענטשן מיט זייער טויטלעכן בליי.

די איינוווינער זענען ביסלעכווייז צוריק ארויסגעקראָכן פון זייערע הייזער און האָבן זיך אָנגעהויבן זאמלען אין באשטימטע ערטער, כדי עפּעס זיך צו דערוויסן וועגן זייער לאגע.

מרגליות האָט אַראָפּשאָקלענדיק אַ ביסל פון זיך דעם טרויער אויך ארויס אין גאַס. שוין אייניקע טעג ווי ער איז פון שטוב נישט אַרויס. בעלא האָט א ביסל גערעטעוועט זיין לאגע. זי איז צו אים געקומען אין דער ריכ־טיקער צייט. זי האָט אים געטרייסט און געוואַרעמט. — דאָס לעבן איז דינאַמיש, עס שטייט נישט אויף קיין אָרט. און דאָס וואָס דער טויט רייסט ארויס פון לעבן, מוז סוף כל סוף פאַרגעסן ווערן. און ער האָט אַצינד שוין מער קיינעם נישט געהאט ווי בעלאַן.

עס האָט אים אָבער געצויגן צו דער גאַס. ער האָט געוואָלט זיך טרעפן מיט באקאנטע און באקומען פרישע ידיעות. ער האָט זיך דערמאָנט אין מאנדלבוימס קאַפעהויז. דאָס קאפעהויז איז שוין לאנג געווען פארמאכט. ווער ווייס אין אזא צייט האַלטן אַ קאַפעהויז? דאָך, פון געוווינהייט, האָבן זיינע אַמאָליקע געסט געמאַכט אַרום אים זייער טרעף־פונקט. איז יעדער איינער געקומען אַהער מיט זיין פּעקל ידיעות און פאנטאזיעס, און איז אויך גרייט געווען צו הערן פון אַנדערע.

יונה גרינשטיין, דער „קופּערנער שטערן", איז אַ האָפּערדיקער גע־שטאנען אָנגעשפּאַרט אין דער וואנט פון מאנדלבוימס הויז. ער האָט זיך היינט געפילט באזונדערס גוט. זיינע אַקציעס הייבן זיך, האָט ער געהאלטן.

— דער פאָרוימאַרש פון די דייטשן פלאסטערט דעם וועג פאַר דער רעוואָלוציע, — האָט ער אָנגעהויבן. — פּונקט ווי פון קאַפּיטאל, וועט אויך פאַרקומען די קאָנצענטראציע פון דער מאַכט און אין לעצטן גראנגל

צווישן די כוחות, דעם פאשיזם און קאָמוניזם, וועט זיגן דער כוח פון מאָרגן, פון קאָמוניזם.

— און איך זאָג אייך, יידן, אַז ס'איז גוט אַזוי. מיר דארפן זיך נישט מצער זיין, וואָס די דייטשן גייען כסדר פאָרויס. קודם־כל זאָלן פאַרניכטעט ווערן אלע איבעריקע כוחות, וואָס שטייען אין וועג. דעם קאַמף קעגן די דייטשן, וואָס ענגלאַנד פירט, איז נישט קיין באפרייונגס־קאַמף, נאָר אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה פאַר וועלט־באהערשונג. און ס'איז שוין צייט, אַז די דאָזיקע וועלט־שפּין, וואָס זויגט אויס דאָס בלוט פון די פעלקער, זאָל פארניכטעט ווערן. און איר אימפּעריע וועט זיך נאָך צעפאלן אין אונ־דזערע טעג. און איר יורש וועט זיין דער ראַטנפאַרבאַנד. עס וועט אייך גאָר־נישט העלפן. דאָס ראָד פון דער געשיכטע וועט שוין קיינער נישט צוריק־דרייען.

— און קיין אנדערע זאָרג האָט ער שוין נישט, דער פושע ישראל, נאָר אַז די דייטשן זאָלן צעקלאַפּן ענגלאנד. דווקא אַצינד, ווען זי שטייט איינע אַליין אין געראַנגל און האלט אויף דעם מאַרש פון די יידן־מערדער?
— האָט זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן אורקע ריכטער.

— זאָל ער פאַרזוכן אַ דייטשע באָמבע, דער רויטער פיסקאַטש, וועט ער אָנווערן דאָס לשון. וואָלט נישט גלייכער געווען, ווען ער אַליין וואָלט געווען אויפן אָרט פון די אנדערע אומגעקומענע יידן? — האָט אַ דורכגייענ־דיקע יידענע מיט כעס אריינגעוואָרפן.

— אוודאי וואָלטן מיר זיך אין אן אנדער צייט געפרייט אויף ענג־לאַנדס בראָך. עס וואָלט אונדז נישט געאַרט ווען מען האַקט איר אַ ביסל אונטער די זייטן. זאָלן אויך אירע זין וואַנדערן ווי מצורעים איבער ימים און לענדער, און קיינער זאָל זיי אין ערגעץ נישט אריינלאָזן. מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז ווי גרויס דאָס שלעכטס פון ענגלאַנד לגבי אונדז זאָל נישט זיין, איז זי פאָרט איצט, ווי לאַנג זי שלאָגט אונדזער הויפּט־שונא, דעם שונא נומער איינס פונעם יידישן פאָלק, אונדזער פריינד. און מען דארף אויך געדענקען, אַז ס'איז פאָרט פאַראַן אַן אונטערשיד אין דער כוונה פונעם באגאנגענעם שלעכטס. אין דער אמתן איז ענגלאנד נישט קיין שונא פון אונדזער פאָלק און נישט פונעם באזונדערן ייד. די ענגלישע רעגירונג באַ־האנדלט אירע יידן נישט ערגער ווי אירע איבעריקע בירגער. און דאָס

שטערן אונדזער אנטוויקלונג אין ארץ ישראל איז נישט צוליב איר ראַסן־פּאָליטיק (שנאה) צו אונדז, נאָר צוליב אירע עגאָיסטישע אינטערעסן. זאָל זיין נידעריקע אינטערעסן. אָבער קעגן יידן מחוץ לארץ קעמפט זי נישט. היטלער אָבער וויל אונדז סתם פאַרניכטן. פאַרניכטן אָן אַ שום גרונט, סיי אלס פאָלק, סיי אלס יחיד. זיין דייטשלאַנד איז אונדזער נאַציאָנאַלער מערדער מיט כוונה. און נאָר אַ וואַנזיניקער ייד, אָדער פארעטער, קאָן ווינטשן א דערפאָלג די היטלעריסטן, אפילו צוליב כלומרשטע רעוואָלוציאָנערע אינטערעסן, וועלכע זענען נאָך ווייט פון צו זיין די אינטערעסן פונעם יידישן פאָלק. דער מאָרגן פון דער רעוואָלוציע איז נאָך נישט דער זון־אויפשיין פון די פעלקער, און אוודאי נישט דער מאָרגן פונעם געפּלאָגטן פאָלק, — האָט מיט א געדעמפטע שטימע פאַרענדיקט מרגליות.

— מיט וועמען רעדט איר, מיט אַ מטורפדיקן הפקר־יונג? זאָל ער פילן דעם טעם פון א יידישן אומגליק. ער רעדט דאָך גאָרנישט ווי קיין ייד. אויב ער איז זיי אזא גוטער פריינד, זאָל ער פאָרן צו זיי. און וואָס קאָנען אים אָנגיין יידישע אינטערעסן, ווען ער רייט נאָר אויף איין פערדל, דאָס רויטע פערדל. ווען נישט ענגלאַנד, ווער ווייסט ווי דער דייטשער טייוול וואָלט שוין אָנגעשפּאַרט. ער וויל דאָך איינעמען די גאַנצע וועלט און ארונטערנעמען אַלע יידן אונטער איין בלוטיקן דאַך. איז וואָס פאַרכלינייעט ער זיך אַזוי מיט מאָסקווע, אזוי גוט איז דאָרט די יידן. האָבן זיי דען נישט פאַרשיקט טויזנטער יידן ווו דער פעפער וואַקסט, בלויז פאַרן לערנען העברעיש און יידישקייט? און מיט וועמען טאַקע האָבן זיי געמאכט יד־אחת, נישט מיט אונדזער גרעסטן עמלק, ימח־שמו? — האָט פאַרענדיקט שלמה שוחט.

— און מיט וואָס ביסטו דאָס אזוי זיכער, אז אלץ וועט אויסגיין צום גוטן פארן ראטנפארבאַנד, אז ער וועט ווי א לעצטער געווינער אַלע געווינער צו זיך אַריינשאַרן? און ווי איז, אז מען וועט לאָזן די דייטשן כסדר נעמען, וועלן זיי זיך צום סוף אויך וואַרפן אויף דיינע סאָוויעטן, אויף זייער אייגענעם שותף? איז דאָס איינמאָל אַוועק. און צווייטנס, אפילו עס זאָל אזוי זיין ווי דו שטעלסט זיך פאָר, ווי האָט עס א ייד א הארץ צו ווינטשן הצלחה דעם מערדער פון אונדזערע ברידער, צוליב עפּעס פרעמדע אינטערעסן? — האָט געלאסן און באזאכט געפּרוווט באווייזן דער וועבער מינץ.

— יאָ, יידן, עס איז טרויעריק, זייער טרויעריק. אין אַ צייט, ווען

אלע רייסן פון אונדז שטיקער, פיזיש און מאָראַליש, פיינט און „פריינד״, קומען נאָך אייגענע און העלפן מיט צו פליקן אונדזער נאַציאָנאלן גוף. אַלע קומען זיי, ווער מיט טענות און ווער מיט עצות, אזעלכע „גוטע״ עצות. — אזוי פיל פעלקער זענען פאראן אויף דער וועלט, זיי אַלע האָבן א רעכט צו לעבן, צו זאָרגן פאַר זייער צוקונפט און פלעגן זייער אייגנאַרט און שטייגער, קיינער שטעכט זיי נישט און גיט זיי נישט קיין עצות. נאָר אונדז יידן פאר־גינט מען נישט דאָס לעבן. מען האַלט אונדז אין איין געבן עצות מיר זאָלן זיך לאָזן איינשלינגען. כאָטש פאַר אונדזער אייגענער טובה און פאַר דער טובה פון דער וועלט. אָט אזוי ווי דער טראָפּן ווערט פארשלונגען פונעם ים. און דאָס אַלץ, כדי די וועלט זאָל ווערן „אויסגעלייזט״. אויסגעלייזט אָן אונדז. נאָר דאָס אלץ איז שוין פאר אונדז נישט קיין נייעס. „אין חדש תחת השמש״. עפנט אויף דאָס געשיכטע־בוך פון דער וועלט, וועט איר דאָרט לייענען די זעלבע רייד. אונטער פארשידענע אופנים און פאָרמען זענען זיי אויסגעדריקט. מיט פאַרשידענע אותיות און שרייב־צייכנס זענען זיי אויף פאַרמעטן געשריבן. נאָר זיי אַלע האָבן איין מיין: „פאַרשווינדט, גייט אונטער!״. און אויך אונדזער ענטפער איז מקדמונים פאַרשריבן. מיט בלו־טיקע אותיות פארשריבן. פאַרשריבן אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט. א בלוטיקע צוואה פון דורות, וואָס רופט: „בדמיך חיי!״ מיט דיין בלוט זאָלסטו לעבן! און מיר זענען דאָ, מיר זענען אייביק! כאָטש אין אייגענעם בלוט געוויקט. — האָט פאַרענדיקט מרגליות.

## קאַפּיטל דרייצן

# אַדוואָקאַט טינעוויצקי

אויפן וועג אהיים האָט מרגליותן פאַרהאַלטן אדוואָקאַט טינעוויצקי. ער איז געווען זייער צעטומלט, דער „מעצענאַס“, דער געוועזענער יידישער וויצע שטאָט־פּרעזידענט.

דער הויכער, ברייטפּלייציקער טינעוויצקי, מיט די טיף־שוואַרצע אויגן, דער דאָזיקער אַסימילירטער אינטעליגענט, וואָס האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט יידישע ענינים, האָט וואָס אַמאָל מער אָנגע־הויבן פילן דעם ייד אין זיך. און וואָס מער ער האָט דערפילט אין זיך דעם ייד, אַלץ מער האָט ער זיך אָנגעהויבן טוליען צו די איבעריקע אים באקאנטע יידן. די צעטומלעניש האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע געדיכט־באַברעמטע קאַרשן־אויגן.

ער איז געווען דער פירער פון די יידישע קאָמבאַטאַנטן און אַנטי־היטלער־קאָמיטעט. האָט ער מורא געהאט, אז זייערע אַרכיוון זאָלן נישט אַריינפאלן צו די דייטשן.

— האָסט באַהאלטן די מאטעריאלן, לייבל? די שעהן פון דער שטאָט זענען געציילטע. און עס טאָר קיינער נישט ליידן צוליב אונדז.

— יאָ, „מעצענאַסיע“, איך האָב שוין דאָס אַלץ באַזאָרגט.

— שיער נישט פאַרגעסן. מיר דאַכט זיך, אז עפּעס גרייט זיך קעגן אונדז. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז קאָזלאָווסקי מיט זיין באנדע גייען עפּעס אַרום מיט סודותדיקע מינעס. דער פראַנט איז מיר פאַרבייגעגאַנגען און האָט מיר מיט אזא זיס־שעלמיש שמייכעלע געגריסט. ביז דער ערד

האָט ער פאַר מיר דעם הוט געצויגן. איך קען אים דעם כיטרען פויער. וואָס מער ער איז העפלעך, אלץ מער פארברעכן טראָגט ער אין זיך.

— מען וואָלט געדארפט, „מעצענאַסיע", זיך פאַרשטענדיקן מיט די איבעריקע. וואָרענען זיי פאר פראָוואָקאַציעס. דער עיקר, אונטער אלע באַדינגונגען נישט ארויסגעבן קיין נעמען. וואָלט געווען אַן אנדערע צייט, וואָלט מען געדארפט רופן אַ באראטונג. איצט אָבער ווי מאכט מען דאָס? — האָט מרגליות צוגעגעבן.

— גאָט באַהיט, קיין שום באראטונג נישט. זאָל נישט בלייבן קיין שום סימן. נאָר אויב ס'איז מעגלעך, איינציקווייז אזוי זיך צונויפרעדן. — האָט געוואָרנט טינעוויצקי.

— האָסט געהערט, לייבל, שאַרפשטיין האָט מיר איבערגעגעבן, אז יעקב ברעסלער האָט זיך גענומען דאָס לעבן. האָסט געדאַרפט זען ווי ער האָט געוויינט, שארפשטיין. ווי א קליין קינד האָט ער זיך צעוויינט. ער האָט מיט זיין טרויער צוליב ברעסלערן אויך מיך אָנגעשטעקט און טיף גערירט.

ברעסלער האָט איבערגעלאָזט א בריוו, ווו ער שרייבט: „איך קאָן מער נישט אויסהאַלטן דעם האַסעדיקן דרוק פון די דייטשן. איך זע דעם ים פון פיין, וואָס וועט אונדז פאַרפלייצן. און עס דריקט אויף מיר דער באַוווסטזיין פון אונדזער אומבאַהאָלפנקייט און נאַציאָנאַלן הפקר אין די אויגן פון א גאנצער וועלט.

אַלע מיינע באַגריפן וועגן קולטור און ציוויליזאַציע, וועלכע האָבן ביז היינט גענערט מיין גייסט, ליגן צו מיינע פיס ווי צעבראָכענע שערבלעך. איך האָב פאַרלוירן דעם צוטרוי צום וואָרט און געדאנק, זיי זענען פאַר מיר מער נישט ווי קרעלן און פאטשערקעס, מיט וועלכע מענטשן שפילן זיך און וואַרפן זיך ארום.

איך בין געבליבן ווי אַן אויסגעהוילט פאַס, הויל פון יעדן אינהאַלט. גאָר נאָך מער דריקט אויף מיר די שאַנד פון אונדזער אייגענער פאַסיווקייט און קורצזיכטיקייט...

זאָל מיין טויט דעריבער זיין א פראָטעסט קעגן דער וועלטס גלייכגילטיקייט און אויך אַ וואָרענונג קעגן די אייגענע. — און זייט מיר מוחל, ברידער, פאַרן צער, וואָס מיין דאָזיקער בריוו האָט אייך פארשאפט. איך האָב אַנדערש נישט געקענט".

— זעסט,לייבל, אַלץ איז קעגן אונדז, אויך גאָט, — האָט טינעוויצקי פּאַרענדיקט. מרגליות האָט זיך מיט אים ווארעם געזעגנט און איז אוועק.

אויפן וועג זענען אים געדאנקען באַפאַלן ווי וועלף. בילדער נאָך בילדער זענען אין אים אויפגעקומען און האָבן אים נישט געגעבן קיין רו. ער האָט מיט ברעסלערן א צייט געארבעט. מען האָט אים געהאלטן פאַר אַ מענטש, וואָס נעמט זיך גאָרנישט צום האַרצן. „אַ קאַלטער לינג און לע־בער". און ער איז געווען די סאַמע לאָגיק אַליין. ער האָט אין זיין געזעל־שאַפטלעכער ארבעט זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון קיין שום סענטי־מענטן.

קלאָר און זאַכלעך האָט ער געפירט די פארזאמלונגען, ווו ער האָט פּרעזידירט. ערלעך און אומפּאַרטייאיש אויך אין פּאַרטייאישע ענינים. מען האָט אויף אים געזאָגט: ער איז אומפּאַרטייאיש אויך אין זיין אייגענער פּארטיי. און זיין טעטיקייט איז געווען א פארצווייגטע און פרוכטבאַרע.

ער איז אויך געווען א שריפטשטעלער פון א הויכער מדרגה. אויסער אנדערע ארבעטן, האָט ער איבערגעלאָזט א ווערק פון א טיפן אינהאַלט וועגן וועלט און מענטש, וואָס רופט ארויס אן איבערראַשונג אין די ביז־אהעריקע פאָרשטעלונגען. און אונטער דעם כלומרשטן פאַנצער פון קאַלט־קייט האָט געשלאָגן אַ ווארעם יידיש הארץ, וואָס האָט אָן אויפהער זיך געצאַפּלט פאַרן גורל פון זיינע ברידער. און ער איז צוזאַמענגעבראָכן גע־וואָרן. ער, דער שטאָלצער ייד, וואָס האָט נישט געקאָנט פארטראָגן די יידישע דערנידעריקונגען.

*

אין שטוב האָט מרגליות געטראָפן בעלאַן אַ פארטרויערטע. זי איז געלעגן אויף דער סאָפע א פאַרטראַכטע, אין זיך אליין א קאָנצענטרירטע.

די בלאַסקייט פון איר פנים, באשטראלט פון זוניקן מאָרגנשיין, האָט אויסמישנדיק זיך מיטן גלאַנץ פון אירע שווארצע קוילן־אויגן — זיך גע־קרייצט און ווי אַ דימענט האָט איר פנים אָנגעהויבן שימערירן און מיניען מיט אַן איידעלער קאָלירקייט.

נאָר איר אָפּגעצערט פנים מיט די חן־גריבעלעך, וואָס האָבן זיך ווי בלומען געעפנט אין איר צאַרטן טרויער־שמייכל ביי מרגליותעס אריינקו־מען, האָבן אים אריינגעצויגן אין איר טרויער.

זי האָט אַצינד אַליין נישט געוווּסט דעם סוד פון איר טרויער, וואָס האָט זיך פון ערגעץ צום אויבערפלאַך פון איר באַוווּסטזיין אדורכגעריסן און איר אינגאַנצן באַהערשט.

— בעלאַ, וואָס איז מיט דיר, וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק? — האָט מרגליות ביי זיין אריינקומען געפרעגט.

— איך אַליין ווייס נישט, טייערינקער. ס׳איז, אמת, פאַראַן גענוג סיבות צו זיין פאַרזאָרגט. נאָר איצט פיל איך א באזונדערן טרויער, וואָס האָט נאָר א שייכות צו אונדז אַליין.

— וואָס מיינסטו דערמיט, בעלא?

— ווען איך וואָלט געוווּסט עפּעס מער, וואָלט איך דיר אוודאי גע־זאָגט. עס זעט מיר אָבער אויס, ווי עס וואָלט געווען א געהיימער כוח אין אונדז, וואָס וויל אונדז וואָרענען פאַר שלעכטס, נאָר מיר פארשטייען נישט זיין שפּראַך.

— מיינסט דעם אינסטינקט?

— איך ווייס נישט, לייבל, צי דאָס איז דער אינסטינקט, צי עפּעס אַן אנדערער כוח. מיר שפּילן זיך נאָר אין נעמען. נאָר צי דריקט טאַקע דער נאָמען אויס דעם געהעריקן כוח; זיין עצם איז א ספק. מיר נעמען נאָר אויף די רעזולטאַטן פון די כוחות און נישט זייערע ווירקונגס־פּראָצעסן, בפרט נישט זייערע גרונט־מאָטיוון...

— יאָ, בעלא, אפילו אינעם מענטשס קליינעם וועלטעלע האָבן מיר נאָך נישט אַריינגעבליקט. און ס׳איז צום לאַכן איבער דער דרייסטקייט פון יענע, וואָס ווילן דווקא באווייזן זייער פּינקטלעכן וויסן אין די געהיימע לאַבירינטן פונעם לעבן. דאָס וואָס זיי דעשיפרירן, איז נאָר די אויסערלעכע זייט פון די ברעקלעך־פאקטן און דאָס אויך אָן א צוזאמענהאַנג מיט די איבעריקע דערשיינונגען. — בפרט איז עס ווייט פון דערגרייכן דעם צוזאַ־מענהאַלטנדיקן פּרינציפּ, דעם כוח, וואָס בינדט צוזאַמען און רעגולירט...

— אויב די כוחות פונעם לעבן זענען צווישן זיך האַרמאָניש געבונדן, לייבל, פונוואַנען־זשע די דיסהאַרמאָניע, די קאָנפליקטן און סתירות פון יחידישן, סאָציאַלן און צווישן נאַציאָנאַלן?

— דאָס, זעסטו, שיינט מיר, איז טאַקע דער סוד פון גאָר דער עקזיס־טענץ. די עקזיסטענץ איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון איינהייט און האַרמאָ־

ניע. מעגן זיך די כוחות צווישן זיך אַרומרייסן, איז עס נאָר אין זייטיקע (פאַר־דער עקזיסטענץ) פּרטים. אָבער ווי נאָר עס קומט צום עיקר, — דאָרט טאַקע ווו עס דראָט א געפאר פארן לעבן, פאַרן גאנצן, מאכן באלד די סתירות צווישן זיך שלום. דאָס איבעריקע, די איינצל־ביימער, וואָס פאַלן ביים האַקן דעם אומענדלעכן וואַלד פונעם לעבן, — האָט פאַרן עצם־לעבן אַליין נישט קיין באַדייטונג.

— אַזוי צי אזוי, לייבל, ווערן מיר געטראָגן פונעם שטורעם פון לעבן. פון אַ לעבן, וואָס איז אזוי האַרצלאָז אויסגערעכנט ווי א קאלטער פּרעציזער מעכאַניזם...

— וועגן דעם, בעלאַ, ווער עס שטייט אונטערן פּרינציפּ פון האַר־מאָניע, האָב איך נישט גערעדט. קאָנסטו פון מיר נישט דרינגען וועגן אַ נשמהלאָז לעבן. זעסטו, געטראָגן פונעם שטורעם פון לעבן, ווערן מיר יאָ, און מיר יידן נאָך פונעם שטורעם פון אונדזער נאַציאָנאַל לעבן. אגב, איז דער איינציקער אמת פארן מענטשלעכן לעבן דער פּסיכאָלאָגישער אמת. ער איז נישט קיין אַבסאָלוטער, וואָס דער דאָזיקער איז נאָר איין און איינ־ציקער פאר אלץ. — ער איז אָבער א טייל פונעם אַבסאָלוטן, אויף וויפל דאָס מענטשלעכע לעבן איז א טייל פונעם גאַנצן.

— אויב ער איז נאָר א טייל פון אַבסאָלוטן, איז ער דאָך בלויז אַ טייל פון אן אמת. און ווי קאָן מען אן אמת טיילן? דער כאראקטער פון אן אמת איז דאָך אין זיין גאנצקייט?

— יאָ, בעלאַ, דער אַבסאָלוטער איין־איינציקער אמת איז אזוי טיף, אז עס נעמט אין קאָפּ שווינדלען ביים בלויזן צורירן זיך צו אים. און ס'איז ריכטיק, אַן עכטער אמת קאָן נאָר זיין אין זיין גאנצקייט. נאָר דערפאַר טאַקע, ווייל דעם גרונט־אמת קאָנען מיר נישט דערגרייכן, באַשאַפן מיר זיך אַן אייגענעם אמת — דעם אמת פון לעבן, וואָס איז דורך און דורך סוביעק־טיוו. — און דאָס איז דער פּסיכאָלאָגישער אמת.

— און מיר שיינט, לייבל, אַז דאָס זענען אלץ אזעלכע ספקדיקע גע־דאַנקען און באַגריפן. מיר באַשאַפן זיי די דאָזיקע כימערעס אין אונדזער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט און געדאַנקלעכער באַגרענעצטקייט. יעדער דענקנדיקער מוח מיט אַ שריפטשטעלערישער אַמביציע און טאַלאַנט קאָן

דיר באשאפן טעאָריעס וועגן וועלט און לעבן, אויף יאָ און ניין. נאָר דעם זיכערן אמת וועסטו נישט דערגיין.

— דו מיינסט, אז זיי גלייבן אליין נישט אין דעם?

— נישט דאָס מיין איך. איך מיין נאָר צו אונטערשטרייכן די אומ־באַהאָלפנקייט פונעם שפּעקולאַטיוון געדאַנק.

— ביסט שוין ווידער די פאַרלייקענערין פון אַלץ?

— איך קאָן זיך נישט העלפן. איך מוז דאָך נישט אָננעמען דאָס אין וואָס איך בין נישט איבערצייגט, לייבל. מיט כמו־אמתן לעבט מען בלית־ברירה, גלויבן אָבער, גלויבט מען אין דעם, אין וואָס מען איז איבערצייגט. דיין פּסיכאָלאָגישער אמת איז אַ ווערטפּולער עלעמענט, ווייל ער באַיאָעט דאָס לעבן. און ס'איז רעכט אַזוי. דאָס וואָס איז פאַראַן, וויל און דאַרף זיין. דאָס לעבן פונעם יחיד און פון פאָלק דאַרף זיין הייליק. נאָר בנוגע צו די פראַגן: פונוואַנען — און וווּהין, וועלכע האָבן נישט דירעקט צו טאָן מיטן מענטשלעכן לעבן, בין איך שטאַרק מסופק אין די פאַרשידענע טעאָריעס. בפרט, ווען זיי זענען זיך אַליין סותר איינע די אנדערע.

— דאָך, בעלאַ, איז דאָס דענקען פאָרט דער איינציקער וועג צום אמת און די ארויסגעבראַכטע ליבע צום גייסט. און אַז דו ווילסט, איז שוין דאָס אַליין, דער דראַנג צום פאָרשן און וויסן אַ סימן פון דער עקזיס־טענץ פון א גייסט. און די ליבע פונעם מענטש צום דענקען איז אַ טייל פון דער פאַרבאָרגענער ליבע צו אָט דעם גרויסן גייסט, וועלכער ווערט אַזוי־אַרום דורך אונדז אליין אַנטפּלעקט...

קאַפּיטל פערצן

## די דייטשן קומען אַריין אין שטאָט

פון מויל צו מויל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די דייטשן גייען ענדלעך אריין אין שטאָט. א פויער פון פאַרשטאָט, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן אויף זייערע פאָדערשטע פאַטרולן, האָט געבראַכט די דאָזיקע „בשורה". מיט געמישטע געפילן האָבן די יידן פון שטאָט אויפגענומען די ידיעה. אַ טייל האָבן דאָס אויפגענומען מיט שרעק און אַ טייל מיט אַ ליתּבּרירהדיקער רעזיגנירטקייט, ווי מענטשן וואָס האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרלירן.

בעלאַ איז געקומען פון גאַס און האָט מרגליותן געבראַכט די נייעס.

— לייבל, די היטלעריסטן קומען אַריין. זיי שטייען שוין נישט ווייט פון שטאָט. אַ פויער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף זייערע פאָרפּאָסטנס, — האָט בעלאַ אַ פאַרזיכטיקע אים איבערגעגעבן.

— איך וואָלט געוועןן אַ בעלן זיי מקבל פּנים צו זיין, — האָט מרגליות געזאָגט.

— ביסט משוגע, מיט וואָס וועסטו זיי באַגעגענען, אפשר מיט אַ מנין תהילים־זאָגער ? — האָט בעלאַ מיט אַ ביטערער איראָניע אים געפרעגט.

— האָב נישט קיין מורא, בעלאַ, איך וועל אוודאי אַליין מיט זיי נישט פאַרפירן קיין מלחמה. איך בין נאָר נייגעריק צו זען זייער אַריינקום. נישט אַלעמאָל מאַכט זיך אזא געלעגנהייט. און איך וואָלט וועלן אין זיך פאַרקריצן זייערע מערדערישע פּרצופים.

— ריזיקירסט אָבער צופיל, לייבל, פאַרן בלויזן ביסל נייגעריקייט

לוינט נישט אזא קרבן. בפרט, אז דער קרבן וועט קיינעם קיין נוצן נישט ברענגען.

— און דו וואָלסט בכלל קיינמאָל נישט ריזיקירט? — האָט מרגליות איר פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

— איך וואָלט נאָר דאַן זיך איינגעשטעלט, ווען איך וואָלט כאָטש געהאַט די זיכערקייט, אַז מיט מיין קרבן קאָן איך עפּעס אויפטאָן. נאָר אוי"ב איך קאָן מיט זיך קיינעם נישט ברענגען קיין נוצן, צו וואָס דער קרבן?

— האָב נישט קיין מורא, בעלאַ, — האָט ער איר אַרומנעמענדיק אַ קוש געטאָן אין שטערן. — איך האָב גאָרנישט בדעה צו ריזיקירן. שוין צוליב דיר אַליין וואָלט איך זיך אַצינד נישט געוואָלט איינשטעלן. דווקא אַצינד, טראָץ אַלעם, וואָס ס'איז מיט מיר געשען, האָב איך צוריק באַקומען אַ חשק צו לעבן. ס'איז אין דיין זכות, בעלאַ. איך בין אָבער זיכער, אַז ביים אריינקומען וועלן זיי קיין יידן נישט טשעפּען. זיי וועלן זיך פּרווון פּאַרמאַס־קירן, די טייוולאָנים. סיידן מען וועט זיי געבן אַ געלעגנהייט זיך מיט אונדז אַ שפּיל צו טאָן. — איבעריקנס, וועל איך זיך נישט צופּיל וואַרפן אין די אויגן. איך וועל זיי נאָר פאַרזיכטיק, פון אַ זייט, אַ ביסל אָבסערווירן.

— פונדעסטוועגן, לייבל, אויב איך האָב נאָך ביי דיר אַ שטיקל ווערט, בעט איך דיך, גיב אויף זיך אכטונג.

ס'איז געווען איינע פון די נאָכמיטאָג־שעהן. די שפּעט־זומערדיקע זון האָט נאָך נישקשהדיק געוואַרעמט. דער הימל, אַ בלאָער, מיט גראָע שטרייפן, האָט אויסגעזען ווי אַן אומענדלעכער בלאָער ים, מיט קליינע אויפשוימענדיקע כוואַליעס. די גאַסן זענען געווען אינגאנצן אויסגעליידיקט פון מענטשן. די טויערן פאַרמאַכט, ווי אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. און אי־בערן גאנצן ארום האָט געהערשט אַ שטילקייט ווי אויף אַ בית־עולם. נאָר האַרט ביי די ווענט פון די הייזער האָט זיך איינער אַליין געשארט מרגליות, וואָס האָט ווי אַ גנב, וואָס כאַפּט זיך אריין אין אַ פרעמד הויז, געהיטן זיינע אייגענע טריט. אין דער שטילקייט האָט ער מיטאַמאָל דערהערט טריט פון אַנלויפנדיקע פערד. האָט ער זיך איינגעקאָרטשעט, אין זיך אַליין ווי געוואָלט אריין, און האָט אָנגעהויבן שאַרפער קאָנצענטרירן זיינע חושים.

פונדערווייטנס האָבן זיך שוין געזען די קאָנטורן פון אַ פאַרביק־מונדירטן רייטער. דאָס בילד איז געוואָרן קלאָרער און בולטער, ביז עס האָט

זיך אינגאַנצן דערנענטערט, און מרגליות האָט שוין געהאַט פאַר זיינע אויגן אַן עלעגאַנטן, ווי צו אַ פּאַראַד, אויסגעפּוצטן דייטשן הוזאַר, וועלכער האָט פּאַרויסגאַלאָפּירט אויף זיין רייט־פּערד. דער רייטער־פראַנט האָט צו מרגליותן אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט ער זאָל צוריקגיין, און איז אין פולן אימפּעט אַוועקגעריטן אין דער מערב־ריכטונג. אַ צענדליק רייטער האָבן אים נאָכ־געפאָלגט און זענען אויף גיך פאַרשוווּנדן פון זיין אויג.

מרגליות, ווערנדיק באַווירקט פון דער אומשולדיקער האַלטונג פון די דייטשע ראַזוויעטניקעס, האָט באַקומען מוט און ער האָט שוין אַציַנד זיך פריי גענומען באַוועגן צו דער אנדערער זייט שטאָט. נאָר נאָענט פון מאַגיסטראַט האָט ער זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף אַ גרופּע באַוואָפנטע דייטשן.

די דייטשן, וואַרפנדיק זיך צו דער ערד, האָבן זיך אין אַ פראָנט־שיק צעשאָטן, און האָבן אָנגעהויבן קעגן זיך אָפּשיסן דעם נישט־געזעענעם שונא. ווען זיי האָבן זיך נאָך דער אָפּעראַציע אויפגעהויבן, האָבן זיי דערזען מרגליותן.

זיי האָבן אים געהייסן צוריקגיין אַ היים. מרגליות, כאָטש פאַרוווּנ־דערט פון זייער האַלטונג און העפלעכקייט, האָט אָבער בלית־ברירה אָנגעהויבן צוריקגיין. ער איז צוריקגעגאַנגען און האָט זיך אויפן וועג ווידער אָנגעשטויסן אויף באַוואָפנטע פּאַטרולן, וועלכע האָבן אים נישט אָפּגעשטעלט. נאָר צוקומענדיק צום צענטער פון שטאָט, קעגנאיבער דעם גרויסן קהלישן הויז, האָט זיך פּלוצים אָנגעהויבן אַ שטאַרקע שיסעריי אין זיין ריכטונג. די קוילן האָבן זיך געטראָגן פון דער זייט פונעם אויבנדערמאָנטן הויז. אַ דייַ־טשער פּאַטרול, מיט אַ וואַכמייסטער אין דער שפּיץ, האָט באַלד פאַרהאַלטן מרגליותן מיט נאָך איינִיקע קריסטלעכע סטודענטן און זיי צוגעדריקט האַרט צו דער וואַנט פון אַ יידישער אַפּטייק.

מרגליות האָט איבער זיך דערפילט דאָס שיסנדיקע בליי, וואָס האָט זיך ווי אַרבעס צעשאָטן איבער זיין קאָפּ און די שטעכיקע בליקן פון די סטודענטן, טראָץ דער געמיינזאַמער סכנה. ער האָט געוואָלט אַריין אין אַפּטייק זיך צו שיצן פאַר די פליענדיקע קוילן. ער האָט מיט אַ באַנומענער ווילדקייט מיט די פויסטן גענומען זעצן אין דער פאַרמאַכטער טיר, וואָס הינטער אים.

די טיר האָט זיך אָבער נישט געעפנט. אויך דער געלער „וואַכמישטש" האָט אים צוריקגעהאַלטן פון זיין פּרווו. מרגליות האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט אין דער מינוט זיך דערפילט ווי א געפאנגענער אין א ברענענדיקער שטייג, וואָס זעט פאַר זיך נישט קיין שום אויסוועג. און ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין פאַמיליע, וואָס איז אויך געווען אין אזא לאַגע און וואָס איז צו קיין קבר נישט געקומען. אויך זיין סוף וועט אַזוי זיין, האָט ער געטראַכט. אָ, ווי גערעכט בעלאַ איז געווען. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ שפּאַס, אַ טויטלעכן שפּאַס איבער זיך אליין. און צו וואָס, צוליב וואָס פאַר אַ צוועק? כדי סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין זיך צו פארלירן און בעלאַן צו פּייניקן און נאָך צו דעם די דייטשן אָנטאָן אַ נחת־רוח?...

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָט דער „וואכמישטש" אָנגעהויבן באַזוכן די סטודענטן. ער האָט ביי זיי געפונען גערויבעוועטע טאַבאַק־פּעקלעך פון דער מלוכהשער טאבאק־פאבריק. ער האָט צוגענומען דעם טאבאק און אים אריבערגעוואָרפן אין דעם נעבן־שטייענדיקן לאַסט־אויטאָ.

ווי א תשובה אויף דער רעוויזיע, האָבן די סטודענטן תיכף אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן קעגנאיבערדיקן יידישן הויז: „די יודען, די יודען שיסן הער „וואַכמישטש", האָבן זיי אין אַ ריינעם דייטש געזאָגט. דער „וואַכמישטש", ווי נישט זיין זאַך, — האָט אויף דעם נישט רעאַגירט.

די שיסעריי האָט זיך נישט באַנייט. און מרגליות איז באפרייט געוואָרן פון זיין טויטלעכן אַנגסט. באַפרייענדיק אים, האָט דער „וואכמישטש" אים אויפגעקלערט פאַרוואָס ער האָט אים פאַרהאַלטן. צוליב זיין אייגענער טובה וועגן, האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין. אנדערש וואָלט אים געטראָפן א קויל. „וואָס איז דאָס", האָט מרגליות געוואָלט פארשטיין. פונוואַנען אזא פלוצימדיקע ענדערונג ביי די אויסגעפראַנטעוועטע מערדער?

די באַוועגונג איז געוואָרן גרעסער. מרגליות האָט אַצינד געאײלט א היים. ער האָט דערפילט אין זיך אַ בענקעניש צו בעלאַן און א באדערפעניש זיך אראָפּצורעדן פון הארץ. אויפן וועג איז אים קלאָר געוואָרן דער זין פון דער שיסעריי און די רייד פון די סטודענטן. „עס הייבט זיך ווידער אָן, האָט ער געטראכט. עס זאָל נאָר אויסגיין צום גוטן. ווען[...] ריי קומט אַצינד?"...

בעלאַ איז געווען אַ שטאַרק פאַרזאָרגטע. זי האָט געהערט די שיסע־ריי. און דאָ האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז לייבל איז נישטאָ. זי געדענקט שוין אַליין נישט ווען ער איז אַרויס. און פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן?

זי האָט אים קוים צוריקגעפונען. — אמת, דורך טראַגישע אומ־שטענדן צוריקגעפונען. איז זי דען געווען זייער גורם? חס וחלילה. אָבער אויסגענוצט זיי בדיעבד פאַר זיך, — דאָס האָט זי יאָ געטאָן. און כאָטש אָן כוונה, האָט זי אָבער פאָרט זיי דיסקאָנטירט פאַר איר הנאה וועגן. און כאָטש ער אַליין גלוסט און גאַרט צו איר, זעט עס פאָרט אויס אין מענטשנס אויגן ווי אָן אַריינגנבענען זיך דורך דער הינטערטיר... און דאָס וואָלט זי וועלן פאַריכטן ווען זי וואָלט געקאָנט. אָבער וועגן וואָס טראַכט זי אַצינד? בעת ער אַליין, לייבל, איז גאָר נישטאָ. זאָל ער קודם קומען אַ געזונטער און זאָל זיך נאָר די צייט סטאַביליזירן, דאַן וועט מען קאָנען טראַכטן וועגן צו־רעכט ברענגען זייער צוזאַמענזיין. ביי די לעצטע געדאַנקען איז לייבל אָנגע־קומען.

— האָסט אומזיסט ביי מיר דאָס האַרץ אַרויסגענומען, לייבל, — האָט בעלא נאָך מיט זאָרג אויף איר פּנים אים אַריינגעזאָגט.

— ביסט גערעכט, בעלאַ, מיין לעבן האָט שוין געהאָנגען אויף אַ האָר. נאָר מיין גרעסטע פאַרצווייפלונג ביסטו געווען. איך האָב זיך געפילט שולדיק לגבי דיר. איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געוואָלט אַזוי לעבן, ווי אין דעם דאָזיקן מאָמענט פון סכנה. און איך האָב געטראַכט נאָר פון דיר, טייערע. נאָר געקומען איז די סכנה ווי צופעליק. און דאָס מאָל אָן דער שולד פון די דייטשן, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען. דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך האָב זיי געזען נישט באַרבאַריש. און אויב עס וועט עפּעס אַרויס־קומען אַ נוצן פון מיין דאָזיקן שפּאַציר, אַז ס׳וועט זיין אַ באַלוינונג פאַר דער פּיין און צער, וואָס איך האָב אַליין אויף זיך געבראַכט, וועט עס זיין דער קלאָרער באַווייז אויף וואָס אויך די פּאָליאַקן זענען פעיק.

אַ ביטערער חלק איז אויף אונדז אויסגעפאַלן. אַזאַ גורל, דאַכט זיך, האָט נאָך קיין שום אומה ולשון נישט באַקומען. מיר זענען אַזוי פיל ווערט, ווי אַ הפקר־פילקע, וואָס ווערט געוואָרפן פון איינעם צום אַנדערן, און ווער עס וויל קאָפּעט אין איר. אַדוואָקאַט טינעוויצקי איז געווען גערעכט, ווען ער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז עס גרייט זיך עפּעס. ווייל ווען מען

האָט אָנגעהויבן שיסן פון הינטערן הויז, — האָבן זיך באַלד געפינען פּוי־לישע סטודענטן, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף די יידן, אז דאָס באשיסן זיי די דייטשן. „די יודן, די יודן”, האָבן זיי ווי שלאַנגען געשיפּעט. און סך־הכל האָט מען גאָר ביי זיי געפונען גרעראבעוועטע טאַבאַק־פּעקלעך פון דער טאַ־באַק־פאַבריק.

— און וויאַזוי קומסטו אַהין? — האָט שוין בעלאַ אַ נייגעריקע גע־פּרעגט.

— איך וואָלט דיר אפשר נישט געדאַרפט דערציילן. ווייל קיין נחת וועסטו פון מיינע קאָשמאַרנע איבערלעבונגען נישט האָבן. נאָר איך טו דאָס צוליבן מוסר־השכל פון דער געשיכטע, וואָס הלוואי זאָל זי אויסגיין צום גוטן. און ס׳איז דאָך קלאָר, אַז דאָס האָבן די היימישע פּאָליאַקן די דייטשן באשאָסן, כדי דאָס אויסצונוצן קעגן אונדז. וואָרעם אַנישט, וואָס האָבן זיי דווקא אויסגעקליבן א יידיש הויז און נאָך א קהליש דערצו?

און די פּאָר פּוילישע זעלנער, וואָס זענען נאָך דאָ געוועזן, זענען דאָך שוין לאַנג פון שטאָט אַוועק, נאָך איידער די דייטשן זענען אריין. און ווער ווייסט, צי עס וועט נישט זיין קיין פרישע קרבנות און ווער זיי וועלן זיין? קרבנות, שוין פון א פּארנומענער אייגענער שטאָט, אָן באָמבעס און אָן פּראָנטן...

און געוועזן איז דאָס אזוי: איך בין געגאַנגען אויפן וועג צום מאַ־גיסטראַט. האָבן מיך די ערשטע דייטשע פּאַטרולן געהייסן צוריקגיין. בין איך צוריקגעגאנגען מיטן זעלבן וועג, ביז איך בין געקומען צו גוטמאַנס אַפּטייק. נאָר דאָ האָבן זיך פּלוצים גענומען שיטן קוילן אויף דער אַפּטייק. די שיסעריי איז געקומען פון קעגנאיבערדיקן הויז. ביים ראָג זענען גע־שטאַנען נאָר־וואָס אָנגעקומענע דייטשע לאַסט־אויטאָס, מיט שטאַרק־באַוואָפנטע פּאַטרולן. אזא פּאַטרול איז גלייך קעגן מיר אויסגעוואַקסן און האָט מיך צוגעשטופּט צו דער וואנט פון אַפּטייק. די קוילן זענען געפלויגן פון אַלע זייטן איבער מיין קאָפּ.

איך פאַרשטיי אַצינד אליין נישט, ווי אזוי זיי האָבן מיר נישט גע־טראָפן. איך האָב געוואָלט אריין אינעווייניק, איז אָבער די טיר געווען פאַרמאַכט. אויך די דייטשן האָבן די טיר נישט געלאָזט עפענען. איך אַליין בין געווען זיכער, אז איך וועל שוין פונדאנען א לעבעדיקער נישט ארויס.

און איך בין שוין געווען גרייט אויף אלץ. נאָר געאַרט האָט מיך, וואָס קיינער וועט נישט וויסן וועגן מיין טויט, און איך וועל ווי מיין פאַרשניטענע משפּחה, אפילו צו קיין קבר נישט קומען. און דער געדאנק, אז איך לאָז דיך ווידער איבער, האָט פון מיר געריסן שטיקער.

*

די פאַרפּאָסטנס און די הויפּט־כוחות פון דער ארמיי זענען אוועק וויטער. נאָר א קליינער טייל פון דער ארמיי, וואָס איז געבליבן אויפן אָרט, האָט באזעצט די שטאָט און געבילדעט דעם גאַרניזאָן און די עס־עס.

דאָס לעבן האָט שוין אויסגעזען צו זיין נאָרמאַל. די דייטשן האָבן געפּרווט אויסבאהאלטן זייער שנאה צו יידן. און א טייל פון די געליטענע יידן אליין האָבן שוין ביסלעכווייז אָנגעהויבן פארגעסן זייערע אַדורכגעמאכטע ביטערנישן און נסיונות.

איבער דער שטאָט האָבן זיך באוויזן פּלאַקאַטן און מעלדונגען מיט דער אונטערשריפט פון קאָמענדאנט נאַגעל, וואָס האָבן גערופן די באַפעל־קערונג צו רו און אָרדענונג, פאַרזיכערנדיק איר צו שיצן די רעכט פון יעדן איינעם.

קאַפּיטל פופצן

# דער באַזוך פון די פּאָליאַקן

אויף צומאָרגנס איז ביים שטאָט־קאָמענדאַנט, ארמיי־הויפּט פרידריך פאָן נאַגעל, פאָרגעקומען א באזוך פון א גרופּע פּאָליאַקן, אונטער דער אָנפּי־ר׳ונג פון איגנאַץ כאַרלאָפּאָוויטש.

פאָן נאַגעל, א פול־געפּאקטער יונקער מיט א רויט־צעשראמט פּנים, דער סימבאָל פון דייטשער ערע און ריטערלעכקייט, מיט אַ מאָנאָקל אינעם ל׳ינקן אויג, איז אַצינד געווען לטובת די פּאָליאַקן אין זיין גאַנצער פּראַכט.

אויסגעפּוצט ווי צו א פּאַראַד, איז ער געווען אין זיין גאלא־מונדיר מיט די זילבער־שליפעס און פון גאַרטל אראָפּהענגענדיקע זילבער־פרענז. זיין ברוסט האָבן באַצירט אָרדערן און מעדאַלן פון דער דייטשער קייזער־ל׳עכער ארמיי, ווי אויך פארשידענע היטלער־אויסצייכענונגען מיטן אייזער־נעם קרייץ אין דער מיט.

די בלוטיקע רויטקייט פון זיין צעגאָסענעם פּנים האָט זיך געקרייצט מיטן זילבער פון זיין גאַלאַ־מונדיר. רויט און ווייס האָבן זיך געראַנגלט צווישן זיך. ער איז געזעסן, פאָן נאַגעל, אנטקעגן דעם ברייט־פּלייציקן מיט די אַרויפגעשאַרצטע וואָנצעס, איגנאַץ כאַרלאָפּאָוויטש, מיט זיין שעלמיש יונקער־שמייכעלע, וואָס האָט געדארפט פארהוילן דאָס פארהוילענע, — אדורכנעמענדיק אינגאַנצן דעם פּאָליאַק מיט זיין מאָנאָקל. ער האָט געוואָלט, פאָן נאַגעל, דערגיין דעם פּאָליאקס כוונה און וויסן דעם אמת. כאָטש בלויז פאר זיך אליין וויסן.

— און איר זאָגט, אז איר אליין האָט געזען ווי די יידן האָבן געשאָסן אויף די דייטשע טרופּן ביי זייער ארײנקומען אין שטאָט, נישט אמת? —

האָט פאַן נאַגעל די ווערטער, פאר יוצא וועגן, געצויגן, ווי ער פלעגט פאר יוצא וועגן ציען זיין קאָניאַק אין דער מסיבה פון זיינע באַטרונקענע יונקערס.

— יאָ, הער קאָמענדאַנט, — האָט געענטפערט כארלאַפּאָוויטש.

— זיכער, — האָט זיך אַריינגעמישט דער הויכער סטאַך יאַגעלאָנסקי.

— מיר האָבן, אגב, נאָך פריער געהערט, אז זיי וועלן עס טאָן, — האָט צוגעגעבן כארלאַפּאָוויטש.

— פונוואנען האָט איר דאָס געהערט? — האָט פאַן נאַגעל געפרעגט.

— פון זייערס א געשפרעך. מיר האָבן אונדזערע מענטשן, וואָס רעדן יידיש. אגב, הער קאָמענדאַנט, האָבן זיי נאָך אַ צייט פאר דער מלחמה אָנגעפירט מיט אן אנטי־היטלער־קאָמיטעט. מיר האָבן די ליסטע פון די מענטשן.

— גיט איבער די דערקלערונגען מיין סעקרעטאר און שרייבט זיי אונטער. זייט וויסן, אַז מיר זענען אייערע פריינד. מיר האָבןביידע איין געמיינזאַמען שונא, די פאַרשאָלטענע יידן. איר מוזט אָבער נאָך האָבן געדולד, די גרויסע אויסראָטונג איז נאָך נישט געקומען, — האָט פאַן נאַגעל פאַרענדיקט דעם געשפרעך מיט א פיל־זאָגנדיקן שמייכל, אויסשטרעקנדיק די האנט אלס צייכן, אז די אוידיענץ איז געענדיקט.

*

אינעם גרויסן זאל פון דער קאָמענדאַנטור, אויף דער הויפט־גאַס פון שטאָט, איז פאָרגעקומען אַ קורצע באַראַטונג מיטן אָנטייל פון עס־עס־פירער אָבערלייטענאַנט ווילהעלם שמידט, און ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אינסטרוקציעס צו דער אונטערגעאָרדנטער מאַכט.

ביינאכט איז אויסגעבראָכן א בהלה אין שטאָט. די יידישע באַפעלקערונג איז פלוצים געוואר געוואָרן, אז מען האָט אַרעסטירט דריי אָנגעזעענע יידן: דעם הויפט־רב ר' מאירל, אַדוואָקאט טינעוויצקי און דעם ראש־הקהל.

ווי א דונער אין העלן טאָג, האָט די ידיעה אויפגעריסן און זיך פאַרשפרייט פון הויז צו הויז. אויפצומאָרגנס האָבן שוין דייטשע פלאקאטן צווויסן געגעבן: „די מאכט האָט ארעסטירט דריי אָנגעזעענע יידן אלס ערובניקעס, ביזן אַרויסגעבן דורך דער יידישער געמיינדע די „באַנדיטן", וואָס האָבן געשאָסן אויף די דייטשע אַריינקומענדיקע טרופּן. דאָס אַרויס־

געבן איז ביז דריי טעג. אויב די יידישע געמיינדע וועט ביזן דאָזיקן טערמין די פארברעכער נישט ארויסגעבן, וועלן די פארהאלטענע, אין הסכם מיטן געזעץ, דערשאָסן ווערן״.

די בהלה האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט צוליב דער אָפענער פּראָוואָקאַציע פון די פּאָליאַקן. — און אַ שרעק און אַ צעמישונג איז אָנגעפאלן אויף דער גאנצער עדה יידן. ס׳איז קלאָר געוואָרן, אז די דייטשן צילן צו נאָך גרעסערע קרבנות. דאָס איז בלויז די ערשטע פּראָוואָקאַציע, וואָס דארף פירן צו ווייטערדיקע. — די לכתחילהדיקע אומקלאָרקייט איז פארשוווּנדן. אלץ איז איצט אזוי טרויעריק קלאָר, ווי אכזריותדיק. דער בלבול איז אזוי געמיין, ווי לעכערלעך. עס גייט דאָך אָבער נישט אין אמת און באַווייזן. ווען וועט מען דאָ באַווייזן און איבערצייגן, בעת די דייטשן גייט גאָרנישט אין אמת. דעם שקר דארפן זיי, דעם גרויסן שקר, וואָס פירט צו יידיש בלוט...

אָבער ווי אזוי ראַטעוועט מען ארויס די דריי אומשולדיקע יידן. ווי אזוי רייסט מען זיי ארויס פון דער פארצוקנדיקער חיה?...

ביי ר׳ הערשעלען איז פאָרגעקומען א שווערע, טרויעריקע אסיפה. עס זענען געקומען אויך אומגערופענע. אזא אסיפה געדענקט נישט די שטאָט. דער רב, ר׳ הערשעלע, האָט אין אַן איכה־טאָן אָנגעהויבן:

— יידן, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. א מוראדיקער גזר, ווי א פייער פון הימל, איז אַראָפּ אויף אונדזער עדה. און דאָס פייער דראָט אונדז אלע צו פארצערן, ר״ל. פאַרצערן ביז איינעם. שונאים האָבן אויף אונדז אויסגעטראכט א בלבול, אז מיר האָבן געשאָסן אויף די דייטשן ביי זייער ארייַנקומען. זיי האָבן אליין געזען, טענהן זיי. און די מאכט האָט אויפן גרונד פון זייערע דערקלערונגען אַרעסטירט דריי פון די חשובסטע יידן פון אונדזער עדה, ביז מיר וועלן נישט אַרויסגעבן די, וועלכע האָבן כלומרשט אויף די דייטשן געשאָסן. ווינד און וויי איז אונדז. וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען אַרויס די יידן? „אל תעמוד על דם אחיך״, איז געזאָגט געוואָרן. איז ווי אזוי וועלן מיר זיך צוקוקן צום בלוט פון אונדזערע ברידער? ס׳איז דאָך „דם נקי״, ריין, אומשולדיק בלוט.

— מען דאַרף גיין צום קאָמענדאנט, רבי, אים אויפקלערן און בעטן ער זאָל זיי באפרייען. — האָט זיך אָפּגערופן מאָטל וועבער.

— מיר זענען שוין געווען, יידן. „עס גייט אים גאָרנישט אָן״, זאָגט

ער. ער האָט אונטערשריפטן פון באגלויבטע עדות, שטאָטישע בירגער, וואָס האָבן אליין געזען ווי די יידן האָבן געשאָסן.

— נאַיווע יידן וואָס איר זענט, — האָט זיך אריינגעמישט מרגליות.

— ווייסט איר דען נישט, אז עס גייט זיי נישט אין אמת? די מאַכט אליין פארשטייט גאנץ גוט, אז יידן האָבן נישט געקאָנט שיסן. יידן קענען זייער לאגע. זיי וועלן סתם אין דער וועלט אריין זייער לעבן און דאָס לעבן פון אַנדערע יידן נישט איינשטעלן. איבעריקנס, „בעיני ראיתי". איך בין אַליין געווען ביי דער שיסעריי. איך בין דעמאָלט פארהאלטן געוואָרן און געוואָרן צוגעדריקט צו דער טיר פון גוטמאַנס אַפּטייק. ס'איז טאקע אמת, אז פון הינטער קהלישן הויז האָט מען געשאָסן. אָבער דאָס מאַכט נאָך בולטער די פּראָוואָקאציע. יידן אליין וואָלטן דאָך נישט געגעבן קיין „פּתחון פּה" זייערע שונאים און שיסן דווקא פון א יידיש הויז. אָבער דאָס איז נאָך נישט אלץ. צוזאמען מיט מיר זענען אויך פארהאלטן געוואָרן יונגע קריסטן און ווען מען האָט ביי זיי צוגענומען געראבעוועט זאכן, האָבן זיי באלד אינמיטן דער שיסעריי אָנגעוויזן אויפן הויז, אז דאָס שיסן אזוי די יידן אויף די דייטשן.

— ווי אַזוי לייזט מען פאַרט אויס די געפאַנגענע? ס'איז דאָך פקוח נפש און די צייט איז קורץ, — האָט זיך דער רב אומגעקערט צו דער זעל-בער פראַגע.

— אפשר דורך „כופר נפש", רבי? מיר וועלן באַצאָלן פאַר זיי. טייער באַצאָלן. יעדער איינער וועט געבן וויפל ער קאָן. עס וועט גאָרנישט זיין צו שווער פאר אונדז אויסצולייזן דריי יידן. — האָט געזאָגט שלמה שוחט.

— מיר האָבן שוין דאָס אויך געפּרוווט, יידן. האָט מען אונדזער „מתנה" צוגענומען און מען האָט אונדז דערקלערט, אז דאָס וועט טאַקע זיין אויפן קריגס־פאָנד צו פארניכטן די שונאים פונעם דייטשן רייך. נאָר די ערובניעס וועט מען נישט באַפרייען ביז מען וועט נישט אַרויסגעבן די שיסער.

— רבי, איך וויל עפּעס זאָגן, — האָט זיך אָנגערופן אברהם מרה־שחורהניק.

דער גאַנצער עולם איז שטיל געבליבן. ער האָט אויף אַ מאָמענט איינגעהאלטן דעם אָטעם. אלע האָבן געקענט דעם מרה־שחורהניק. ער איז

אַמאָל געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטאָט. א ייד, אַ משכיל, א גרויסער קענער, האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין „פּרדס״ און איז נישט ארוי״ס בשלום.

ער האָט פּלוצים, נאָך דעם ווי זיין יונגע פרוי איז אים געשטאָרבן, פאַרמאַכט דאָס געשעפט, איבערגעלאָזט דאָס הויז אויף הפקר און האָט מורד געווען אינעם לעבן...

ער פלעגט גאַנצע נעכט לייענען, און אין די טעג פלעגט ער אַרומ־גיין הין און צוריק איבער דער שטילער אָזשעשקאָוואַ־גאַס און טראַכטן.

ער פלעגט אַזוי ארומגיין, דער מרה־שחורהניק, א נישט־דערעסענער, נישט־דערוואַשענער, מיטן ווילדן קאָפּ האָר און באָרד און נישט רעדן צו קיינעם. ברוגז מיט דער גאנצער וועלט. און וויפל מען האָט נישט געפּרוווט ווירקן אויף אים, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפן. ווי אַ סטראַשידלע האָט ער אויסגעזען, דער הויכער באַוואַקסענער מרה־שחורהניק, אין די אָוונטן. און כאָטש ער איז געווען א שטילער, האָט מען פאָרט פאר אים מורא געהאט. מען האָט מורא געהאט פארן אונטערדריקטן צאָרן, וואָס ער טראָגט אין זיך פון יאָרן, וואָס קאָן זיך נאָך ווי א ווולקאַן פון אים אַרויסרייסן. כוחות, וואָס יוערן אונטערדריקט, רייסן זיך נאָך מיט מער קראַפט ארויס. איז מען גע־ווען איבערראשט און געשפּאַנט.

איבערראשט, וואָס דער מרה־שחורהניק איז אהערגעקומען, און האָט אויך אזוי פּלוצים אָנגעהויבן רעדן. און מען איז געווען געשפּאַנט צו הערן, וואָס ער וועט זאָגן. וואָס פאַר אן עצה קאָן ער דאָ געבן, ער, דער פון מענטשן דערווייטערטער און מיטן לעבן צעקריגטער. אָבער אויך ער איז געוואָרן באַווירקט פון דער געשעעניש. אויך אים, דעם גלייכגילטיקן צו אַלץ, האָט אויפגעטרייסלט די בלוטיקע פּראָוואָקאציע.

דער רב אַליין האָט זיך א ווײַלע געוואַקלט. זאָל ער אים לאָזן רעדן, צי נישט? וועט ער רעדן צו דער זאַך, אָדער נישט? ער האָט אים אָבער נישט געוואָלט פאַרשעמען, בפרט פאַר אַ רבים. און דער רב האָט מיט אַ פעסטער שטימע געזאָגט: „רעד, אברהם!״.

דער מרה־שחורהניק האָט ביי אַן אַלגעמיינער דערוואַרטונג אָנגע־הויבן:

— די צייט איז קורץ. ס'איז קלאָר, אז די דייטשן ווילן א קרבן.

אונדזער בלוט ווילן זיי. און עס וועט גאָרנישט העלפן. אָדער זיי וועלן אומ־ברענגען די ערובניקעס, אָדער עס וועלן זיך מעלדן אַנדערע יידן, וואָס וועלן נעמען אויף זיך צו זיין דער קרבן ציבור. זיי וועלן מוזן נעמען אויף זיך דעם בלבול. זאָגן, אַז זיי האָבן עס אויף זייער אייגענער אחריות געשאָסן. בין איך געקומען צו זיין אייער קרבן, אויסצולייזן די געפאַנגענע פון זייער סכנה. מיר איז מיין לעבן אלץ איינס נישט ניחא. איך וואָלט סייווי וועלן אַוועקגיין פונעם עולם השקר. ווען איך כאָטש מיט מיין לעבן אייך ברענגען א נוצן, יידן. און איך בעט אייך, נעמט צו מיין דאָזיקן קרבן. — האָט מיט א באזונדערער קלאָרקייט, ציילנדיק די ווערטער ווי מען ציילט פערל, פאַרענדיקט אברהם דער מרה־שחורהניק.

דער עולם איז געוואָרן געפּלעפט פון מרה־שחורהניקס רייד. זיי האָבן זייערע אייגענע אויערן נישט געגלייבט. אויף אזא פאָרשלאג זיך נישט געריכט. ר׳ הערשעלע, באַאיינדרוקט פון אברהמס רייד, האָט זיך פול מיט יראת־הכבוד אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיך ווי צו אַ הייליקער עבודה, און האָט אָנגעהויבן.

— ניין, ר׳ אברהם, מיר נעמען דעם קרבן נישט אָן. מיר טאָרן נישט פארגיסן קיין ריין בלוט. „המאבד נפש אחת מישראל״ איז ווי ער וואָלט אומגעבראכט א גאנצע וועלט. לגבי א נפש, ר׳ אברהם, איז ביי אונדז נישט פאַראַן קיין העכערע און נידעריקערע, איז נישט פאַראַן קיין יחסנים. יעדער מענטש איז אַ וועלט פאר זיך, און זיין בלוט איז גלייך הייליק. מיר גיבן נאָר כבוד צו מענטשן לויט זייערע פאַרדינטע מעשים. אָבער מיר גיבן נישט קיין לעבנס. — און דאָס וואָס מיר קאָנען נישט געבן, טאָרן מיר אויך נישט אָפּנעמען. נאָר דער באשעפער פון אלדאָס־לעבעדיקע קאָן אַ לעבן אָפּנעמען. אויסער דעם, טאָרן מיר נישט נעמען אויף זיך דעם דאָזיקן שקר. און מיר טאָרן נישט געבן קיין „פתחון פה״, — אונדז ווייטער צו מאָרדן, אָדער אנ־דערע יידן זאָלן צוליב אונדז חלילה געמאָרדעט ווערן. און זייט וויסן, יידן, — האָט ער זיך שוין געווענדט צו אַלע פאַרזאַמלטע, — אַז אונדזער אב בית־דין, ר׳ מאירל, און אויך די איבעריקע געפאנגענע, האָבן בפירוש דערקלערט, אַז זיי ווילן נישט מען זאָל זיי פארבייטן מיט אנדערע יידן. נאָר די איינציקע זאך וואָלט געווען, אָפּצושרייען די גזירה דורכן באַווייזן, אז די יידן האָבן נישט געשאָסן, נאָר דאָס האָבן גאָר די יידן־פיינטלעכע פּאָליאַקן

אליין געשאָסן, כדי צו פּראָוואָצירן די יידן. נאָר ווי אַזוי מאכט מען דאָס, יידן ? — האָט דער רב שווער אַרויסגעקרעכצט.

— כאָטש איך ספק איבערהויפּט אין דער נוצלעכקייט פון דער איני־טערווענץ, רבי, בין איך פונדעסטוועגן גרייט צו גיין עדות זאָגן דאָס, וואָס איך האָב געזען. — האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגערופן מרגליות.

— ניין, לייבל, אַ שליח, וואָס האַלט נישט פון זיין אייגענער שליחות, טאָר קיין שליח נישט זיין. נאָר די, וואָס גלייבן כאָטש אין דער נייטי־קייט פון זייער שליחות, זענען שליחי מצווה און ווערן נישט געניזוקט. שיקן א ייד, וואָס ספקט אין דער גאנצער שליחות, איז ווי סתם אויסליפערן איינעם צו זייערע פאַרפאָלגערס, אין די הענט פון די, וואָס זוכן זיין בלוט. און מיר טאָרן נישט פאַרגיסן קיין ריין בלוט.

— אויב אזוי, רבי, לאָמיר זיך ווענדן צו קאַרפּאָוויטשן, דעם דירעק־טאָר פון דער האַנדלס־באַנק, ער זאָל אינטערווענירן. ער איז דאָך אַן אוהב ישראל און אויסגעקאָכט מיט יידן, זאָל ער טאָן אַ טובה אין אַן עת צרה.

— יאָ, יאָ, אַ גוטער איינפאַל, — האָבן זיך געלאָזט הערן קולות פון אַלע זייטן. און דער עולם, א פארמאטערטער פון דער אויסוועגלאָזער אסיפה, איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער דערלייכטערונג און האָפענונג איבער דער ישועה, וואָס דער „גואל" קאַרפּאָוויטש וועט ברענגען.

## קאַפּיטל זעכצן

# אַ שלאָפלאָזע נאַכט

די נאַכט זענען די יידן שווער אַנטשלאָפן געוואָרן. מיט אומגעדולד און שפּאַנונג, וואָס האָט נישט קיין גרענעץ, האָבן די יידן שוין אויסגעקוקט דעם נייעם אויפגייענדיקן טאָג. מען האָט געוואַרט אויפן רעזולטאַט פון קאַרפּאָוויטשעס אינטערווענץ.

אין דער אַלגעמיינער אויפרודערונג און צעטומלעניש איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, נישט נאָר פון דערפאָלג פון אַזאַ אינטערווענץ, נאָר אפילו נישט וועגן דער זיכערקייט, צי דער פּאָליאַק קאַרפּאָוויטש וועט גאָר בכלל זיך וועלן משתדל זיין לטובת די אַצינד פאַרהאַסטע יידן. נאָר ווי אין יעדער צרה איז געווען די איינרעדעניש, וואָס זאָל כאָטש אויף אַ ווײַלע טרייסטן און מוטיקן. און זאָל דאָס זיין אפילו פאַרן פּרייז פון אַ נאָך גרעסערער אַנטוישונג.

אויך לייבל מיט בעלאַן האָבן די נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. זיי זענען געזעסן איינער לעבן דעם אַנדערן ארומגענומען מיט אַ טיפער שטילקייט און ערנסטער פאַרטראַכטקייט. זיי זענען די לעצטע טעג געווען צום נאָענטסטן צווישן זיך, ווי ביידע געוואָרן איין וועזן. די סכנות ביז הייַנט און אויך די נישט־זיכערקייט פונעם טונקעלן מאָרגן, — האָבן געשאַפן ביי זיי די מורא פון פאַרלירן זיך, פון אָפּרייסן זיך איינס פון אַנדערן. און פאַר דעם האָבן ביידע שטאַרק מורא געהאַט.

מרגליות האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די אָנגעצויגענע שטילקייט. און כדי צו פאַרטרייבן די דאָזיקע שטיקנדיקע אַטמאָספער, האָט ער אָנגעהויבן בעלאַן צו דערציילן וועגן דער פאַרגעקומענער אסיפה. מיט אַלע פּרטים האָט ער דערציילט. ער האָט איר איבערגעגעבן דעם פאָרשלאָג פון מרה־

שחורהניק, און אויך וועגן זיין אייגענער גרייטקייט צו גיין צום קאָמענדאַנט און אים איבערגעבן וועגן דעם בלבול פון די פּאָליאַקן.

בעלאַ, באַאיינדרוקט פון מסירת נפש פונעם מרה־שחורהניק, האָט זיך א ווײַלע פארטראַכט און אָנגערופן:

— עס זעט מיר אויס, לייבל, אַז מיר זענען שוין געוואָרן צו פּחדניש, צו רעזיגנירט נעמען מיר אויף יעדן קלאַפּ פון שונא. די צוקונפטיקע דורות וועלן אונדז דאָס נישט מוחל זיין. אין בעסטן פאל וועלן זיי אונדז נישט פארשטיין. אַ גערעכטער געראנגל פון א פאָלק, אפילו ווען ער ברענגט נישט קיין באַלדיקן נוצן, איז אָבער א היילנדיקער באלזאם פאַרן גייסט פון די קומענדיקע דורות. ער וועקט און קרעפטיקט דעם שטאָלץ, דעם וויכטיקסטן עלעמענט פונעם פאָלקס זיין, — און מאַכט פעסטער דעם צובונד צו די פארגאנגענע דורות, וואָס איז ווידער די בריק איבער דער קעגנוואַרט אין דער צוקונפט אַריין...

— ווי מאָדנע, בעלא, דו בייטסט דיינע מיינונגען. האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אז דו וואָלסט נאָר דאַן ריזיקירט, ווען דו וואָלסט כאָטש מיט דיין קרבן עפּעס געבראַכט נוצן.

— יאָ, לייבל, איך האָב טאקע אזוי געזאָגט. אָבער דאָס איז נאָך געווען דאַן ביים ארייננמארש פון די דייטשן. דאַן איז דאָך געווען צוועקלאָז אָנצוהייבן און שטעלן אין געפאר די איבעריקע. אָבער אַצינד, אז זיי צווינגען אונדז אליין, — זאָלן מיר זיך גלייכגילטיק צוקוקן צו זייער יעדן בלוטיקן אַקט איבער אונדז? און אויך דאַן האָב איך נישט געמיינט בלויז אַ באַלדיקן נוצן, — און אַצינד בין איך אוודאי איבערצייגט אינעם דאָזיקן נוצן אויף להבא. עס מוז דאָך פאָרט קומען א געוויסער אויסדרוק פון אונדזער צאָרן און מוט. און איך האָב מיט מיינע ארגומענטן אויך געצילט, דיך אָפּצו־ווענדן פון איינשטעלן זיך. — איך האָב נישט געוואָלט און וויל אויך איצט נישט דיך פאַרלירן. און ווי מען זאָל נישט זיין אידעאַליסטיש, וועגט פאָרט דאָס סוביעקטיווע אינעם מענטש איבער. די געדאַנקען און געפילן ראַנגלען זיך צווישן זיך און אין רוב פאלן וועגן די געפילן איבער. און נישט שטענדיק קאָנען מיר אָפּטיילן געדאנק פון געפיל, ווי נישט שטענדיק זענען מיר קלאָר באוווסט וועגן זיי. די צווישנגרענעצן זענען גאָרנישט אַזעלכע פעסטע ווי עס זעט אויס. און בכלל איז אינעם מענטש נישט פאראַן קיין פעסטע גרענעצן. אפילו די כוחות, וועלכע זעען אונדז אויס ווי פונאַנדער־

געטיילט, הויזן אויך אין דער בשותפותדיקייט פונעם לעבן, אונטער איין צוזאַמענהאַלטנדיקן דאַך... אויך דער אידעאַל איז נישט שטענדיק דער אויסדרוק פון ריינעם מאָראַלישן געדאַנק. — אויך ער אונטערליגט פאַר־שידענע איינפלוסן און באַווירקונגען מחוץ פון דער מאָראַליש־געדאַנקלע־כער ספערע... און דער רב איז גערעכט. דו טאָרסט נישט גיין צום קאָמענ־דאַנט. וואָלסט געגאַנגען אויף אַ זיכערן טויט. זיי האָבן אַלע ידיעות פון די, וואָס האָבן נאָך פאַר זייער אריינקום קעגן זיי געקעמפט. די ליסטע פון אַנטי־היטלער־קאָמיטעט איז ביי זיי פאַראַן. און אויב אַפילו זיי האָבן זי נישט, וועלן די פאָליאַקן אליין, ביים טרעפן זיך מיט דיר, גלייך דיין נאָמען אַרויסגעבן.

— בעלאַ, איך פאַרשטיי דיך נישט. האָסט דאָך גערעדט וועגן פחד־נות און וועגן געבן אַן אויסדרוק פון אונדזער צאָרן און מוט, טאָ ווער־זשע זאָל דאָס מאַכן פאַר אונדז?

— דער אויסדרוק פון אונדזער צאָרן וועט קומען. נאָר נישט דו, לייבל, מוזסט דעם דאָזיקן אויסדרוק געבן. ביסט געבליבן איינער פון אַ גאַנצער משפחה און דו דאַרפסט בלייבן לעבן. דיין שליחות איז צו זיין דער עדות פון אונדזערע ליידן און דער איבערגעבער פונעם דייטשן גרויל...

און גלייך האָט זיך בעלאַ, ווי באַווירקט פון אַן אינסטינקטיוון פחד, גענומען טוליען צו אים און אים באַוואָרפן מיט צערטלעכקייטן. און נאָך אַ פויזע האָט זי געזאָגט:

— לייבל, איך וויל דו זאָלסט בלייבן לעבן. לעבן אויך פאַר מיר...

מרגליות, גערירט פון איר ליבע צו אים, האָט זי אַרומגענומען און זיך איינגעזויגן אין איר לייב. און נאָך אַ פּרעסנדיקער שטילקייט האָט ער אָנגעהויבן:

— ווי קיינער ווייסט נישט דעם סוף פון זיינע טעג, ווייסן מיר נישט דעם סוף פונעם אָנגעהויבענעם שלעכטס. דער ייד איז דער אויסדרוק פון דער סאַמע מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט. ער שטעלט מיט זיך פאָר גאָר די טראַגעדיע פונעם מענטשלעכן מין. אויך דער מענטש בכלל האָט זיין טראַגעדיע, נאָר דער ייד האָט זיין טאָפּלטע טראַגעדיע. איך גלייב אָבער בשום אופן נישט, אז דער האמער פון דער געשיכטע לאָזט זיך שוין אַנט־גילטיק אראָפּ איבער אונדז. נישט איין מאָל האָט זיך שוין דער האמער איבער אונדז אויפגעהויבן. און מען דאַרף נישט לייקענען, אז זיינע קלעפּ

זענען געווען געגנוג קענטיקע. אָבער צום טויט דערשלאָגן האָט ער אונדז נישט. אויך איצט וועט דער האַמער אונדז נישט דערשלאָגן, נאָר טאָמער, חלילה, די שעה זאָל נישט באַשערט ווערן, וואָלט איך געבליבן דער איינציקער ייד, וואָלט איך דעם ייד אין מיר אויסגעברענט אויף מיין שטערן. איך וואָלט אים ווי א פאַקל געטראָגן איבער דער וועלט און אויסגערופן:

„איך בין דאָ! איך, דער אייביקער ייד". און איך וואָלט אויף אלע וועגן געוואַנדערט, ביז איך וואָלט זיך אַ פרוי אויפגעזוכט, מיט איר קינדער געהאט, און א נייעם דור אויפגעשטעלט. און אים, דעם נייעם דור, מיין יידישקייט און יידישן באַוווסטזיין אויף וויטער — איבערגעגעבן.

— ניין, לייבל, וועסט נישט זיין דער לעצטער ייד. דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען. אונדזער צעשפּרייטקייט וועט אונדז ראטעווען. ווי לאנג ערד און מענטש וועט זיין, וועט אויך דער ייד זיין.

אין א ווײַלע ארום האָט זי אָ דענערווירטע אָנגעהויבן:

— לייבל, לאָמיר נישט שלאָפן די היינטיקע נאכט.

— פאַרוואָס עפּעס, בעלא, — האָט מרגליות געפרעגט.

— ווער ווייסט, אפשר איז עס די לעצטע נאכט, וואָס מיר זענען צוזאַמען. און איך וויל זי נישט פאַרשלאָפן.

— וואָס מיינסטו, בעלאָ? עפּעס רעדסטו לעצטנס אַזוי פאַרשטעלט, אז איך הייב דיך נישט אָן צו פארשטיין.

— פאַראַנען צייטן, לייבל, וואָס נישט נאָר מען קאָן דעם צווייטן נישט פארשטיין, נאָר ווען מענטש פאַרשטייט זיך אליין נישט. — — —

— אָבער אונדז דראָט דאָך אַצינד נישט קיין שום געפאַר. די חיה וועט, גלויב איך, אויף אַ צייט זיך זעטיקן מיט די פרישע יידישע קרבנות. און צו וואָס נאָך מער פאַרגרעסערן די שרעק און זיך פאַרביטערן דאָס לעבן? עס איז פאראן געגנוג ביטערניש אויך אָן דעם.

— זיי מיר מוחל, לייבל, וואָס איך בין דיך מצער און שטעק דיך אָן מיט מיין אומרויקייט. איך קאָן זיך נישט העלפן. אָפּטמאָל ווייסט א מענטש נישט ווו ער גייט און וואָס ער טוט... נאָר טאָמער געשעט עפּעס, לייבל, וואָלט איך וועלן דו זאָלסט זיך נישט פאַרלירן. דו זאָלסט זיך האַלטן...

אויפצומאַרגנס, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אז קאַרפּאָוויטש האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אינטערווענירן, איז די בהלה און צערודערונג אויסגעבראָכן נאָך מיט מער קראַפט.

און אינצווישן איז אָפּגעלאָפן דער טערמין פונעם דייטשן אולטימאַ־טום קעגן די יידן.

אין די גאַסן פון שטאָט זענען געוואָרן צעהאַנגען פּלאַקאַטן, וואָס האָבן צוויסן געגעבן וועגן דער עקזעקוציע איבער די יידישע ערובניקעס און די צייט ווען זי וועט פאָרקומען. די פּלאַקאַטן האָבן אויך גערופן בייצו־וווינען די אויספירונג פון דער עקזעקוציע, וואָס וועט פאָרקומען אויפן גרויסן שטאָטישן פּלאַץ.

אין דער אָנגעוויזענער צייט זענען אויפן פּלאַץ געווען פאַרזאמלט פיל דייטשן און פּאָליאַקן. אויך יידן האָבן די דייטשן געצוווּנגען בייצוזיין די עקזעקוציע. און אין סאַמע פראָנט איז געשטאַנען איגנאַץ כאַרלאַפּאָוויטש מיט ארויפגעדרייטע וואָנצעס, שיכור פון בראָנפן און בלוט, — און פריילעך געשמועסט מיטן הויכן יאַגעלאָנסקי. די עס־עס־לייט האָבן צוגעפירט די פאַרמשפטע יידן צו די צוגעגרייטע סלופּעס.

די פאַראורטיילטע זענען געגאַנגען שטאָלצע, מיט אויפגעהויבענע קעפּ. קיין סימן פון טרויער איז אויף זיי נישט געווען קענטיק. דער הויפּט־רב איז א לויכטנדיקער ווי צו אן עבודה, געפירט געוואָרן פון די איבעריקע פאַרמשפּטע, דעם ראש־הקהל און אַדוואָקאַט טינעוויצקי.

דער רב, אויפהייבנדיק זיינע אויגן צום הימל, האָט צום לעצטן מאָל געווענדעט זיין בליק צו די פאַרזאַמלטע יידן און מיט התלהבות אויסגע־רופן: „שמע ישראל"... וואָס די איבעריקע צוויי האָבן אונטערגעכאַפּט.

נאָר נאָך איידער די עס־עס האָבן באַוויזן צו שיסן, האָט זיך בעלאַ ווי אַ שטורעם אַדורכגעריסן דורך די פאַרזאַמלטע און מיטן אויסגעשריי: „מערדער, איר וועט אונדז נישט באַזיגן!", אַ שפּיי געטאָן דעם עס־עס־אָפיציר אין פּנים.

דער אָפיציר, אַ באַשפּיגענער, איז אויף א רגע געוואָרן צעטומלט. צעטומלט פון בעלאַס דרייסטקייט און פּלוצימדיקייט. ער איז אָבער געקו־מען צו זיך און ווי א ווילדע חיה געוואָרן צעיושעט. ער האָט אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און האָט דריי מאָל אָפּגעקנאַלט אין בעלאַס האַרץ.

בעלאַס יונגער קערפּער איז ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים געפאַלן צו די פיס פון די צום טויט־פאַרמשפּטע. איר בלוט האָט זיך אויסגעמישט מיטן בלוט פון די איבעריקע.

## קאַפּיטל זיבעצן

# די פרישע צערודערונג

אַ פרישע צערודערונג איז איינגעטראָטן אין מרגליותעס לעבן. ער האָט געמיינט, אַז אפשר וועט ער פאָרט מיט בעלאַן אַדורכגיין זיין לעצטן לעבנס־וועג.

כאָטש געוויקט אין די אייגענע יסורים און פּיין, וועט אָבער זיין ווייטערדיקער לעבנס־וועג פארהארטעוועט און געלייטערט ווערן דורך די דאָזיקע יסורים. אזויפיל ליידן און פּיין איז אויסגעפּאַלן אויף זיין גורל, אז מען האָט געקאָנט מיינען, אז דער מלאך פון שלעכטס האָט זיך שוין מיט אים געזעטיקט. אויף אייביק געזעטיקט גאָר זיין גיריקייט. — און דאָ גאָר, א נייער אומגליק, אַ נייער אויפשוידער אין זיין לעבן.

און ווידער בלייבט ער אַליין. מיט זיך אליין אינעם וואלד פון שלעכטס און געמיינקייט. און די געדאנקען און געפילן רייסן פון אים שטיקער. ווי מיט אייזערנע קאָמען רייסן זיי פון אים לעבעדיקע שטיקער.

און זי האָט זיך באַוווסטזיניק מוסר נפש געווען. מיטן אייגענעם ווילן האָט זי צוגעגרייט איר טויט. זי האָט, ווייזט אויס, נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם שווערן דרוק פון איר לעבן. זי, די שטאַרקע, וואָס האָט אים געטרייסט און געמוטיקט, איז אליין א מוטלאָזע אריינגעפאלן אינעם קלעם פון לעבן. זי האָט אים, אמת, געגעבן אָנצוהערן וועגן דעם, ער האָט אָבער געמיינט, אז דאָס זענען בלויז אזעלכע אויפגעברויזטע געדאנקען און געפילן, וואָס קילן זיך אָפּ אין ווייטערדיקן לעבנס־שטראָם, ווערנדיק דערנאָך אינגאַנצן צעריבן דורך די מילשטיינער פון דער צייט.

און ער וואָלט סיווי גאָרנישט געקאָנט העלפן. מעז קאָן נישט א באַ־

וווסטזיניקן מענטש קאָנטראָלירן און כסדר היטן די טריט. אַ רעזיגנירט לעבן איז שווער צו באוואָרענען און עס איינצוהאלטן.

דאַכט זיך, א שטארקע, א נישט־וואקלדיקע און פעסטע, און דאָך איז זי ווי אַ שפענדל געטראָגן דורכן שטורעם, געטראָגן געוואָרן דורכן שטורעם פון אונדזער לעבן און דורכן זעלבן לעבן צעריבן געוואָרן.

דאָס שטארקסטע און דאָס שוואכסטע איז דער מענטש. ער איז ווי אייזן שטאַרק און שוואך ווי א קינד. — ער איז גוט און שלעכט, פרייד און טרויער, און מענטש און חיה.

זענען דאָס בייטנדיקע צושטאַנדן, אזעלכע פליסיקע נישט־פעסטע אייגנשאַפטן ?

איז אָבער דאָס שלעכטס מער גענייגט צו הערשן ווי דאָס גוטס. און דאָס שלעכטס, ווי דער טויט, באַוועלטיקט אַלץ. — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

און אויך דאָס בייטנדיקע גוטע איז פאַרפירעריש. — אויב ס'איז נאָר אַ קורצער אויפבליץ אויפן הימל פון דעם מענטשס צייט.

אין זיג־זאַגעדיקן גוטס־און־שלעכטס־קרייז פונעם מענטש איז נאָר דער טויט דער איינציקער אויסגאנג. — און עס איז נישט אַנדערש, נאָר ווי דער טויט אליין איז א מין אויסלייזונג. אן אויסלייזונג פונעם צוואנג פון לעבן, — און אויך פון שרעק פונעם טויט...

אָבער דער מענטש לעבט אינעם לעבן, און פון אייגענעם לעבן אַרויס באטראכט ער און מעסט אַלץ... און ער טראכט און פילט מיט שטיקער פון זיין אייגענעם מאַרך און האַרץ.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

אין טעג אַרום איז אים שלמה שוחט געגאַנגען באזוכן. ער איז געוועזן זיין נאָענטסטער שכן און פריינד. ער האָט זיך שטיל צו אים אריינ־געשאַרט, און אָנשטויסנדיק זיך ס'ערשטע אינעם וואַנט־שפיגל, האָט ער אים זאָרגפעליק איבערגעדרייט. אויך די פאָטאָגראפיעס און בילדער האָט ער איבערגעדרייט אויף דער אנדערער זייט. און ערשט אָפטועודיק דאָס, האָט ער אזוי שטיל פאַרנומען זיין אָרט קעגן מרגליותן.

מרגליות איז געזעסן ווי א פארגליווערטער, נישט קיין צאַפּל טוענ־דיק מיט קיין אויג ביים שוחטס ארײַנקומען און ביי זיין באַלעבאַטעווען. ס׳האָט אים אין דער מינוט גאָרנישט אינטערעסירט. אַ רעזיגנירטער, וואָלט ער אצינד אלץ מיט זיך געלאָזט טאָן. צוגעדריקט ווי אין אַ שווערן קלעם, האָט דאָס ביטערקייט פון זיין הארץ מיט דער גאַנצער שווערקייט זיך גע־לייגט אויף זיין געמיט.

פילנדיק דאָס, האָט שלמה שוחט אויפגעבונדן זיין צונג. ער האָט אָנגעהויבן אַוועקפירן מרגליותן אויף אנדערע וועגן.

— יאָ, לייבל. מיר זענען היינט אַלע אַבלים. נישט נאָר דו האָסט דיין ביטערן חלק, נאָר אַלע יידן פון שטאָט האָבן היינט זייער חלק. און פאַר־וואָס נישט דער גאַנצער כלל ישראל? אז א ייד קומט אום פאַר זיין יידיש־קייט, איז דאָס גאַנצע פאָלק פאַראָבלט. און, כביכול, אויך די שכינה. דיין צרה איז היינט א צרת רבים. איז דען דער אב בית־דין נישט אונדזער אלעמענס טרויער? דאָס זעלבע דער ראש־הקהל, דער קדוש טינעוויצקי, און אַחרון אַחרון, דיין בעלא איז אונדזער אלעמענס טרויער. זיי האָבן זייערע נאָענטע, נאָר זייער טרויער איז אונדזער אַלעמענס. א קלייניקייט, „מקדש השם זיין בר־בים״. און נאָך ווי בעלאַ האָט מקדש השם געווען? איר מדרגה איז גאָר א הויכע. איר האָט דאָך קיינער נישט געצוווּנגען צו דעם. זי איז אליין געגאַנגען צום טויטן־טאַנץ ווי צו אַן עבודה. און צו אַזאַ זכיה איז „לאו כל אדם זוכה״. און ווער וואָלט עס געגלייבט, אז בעלא זאָל האָבן אזא עלית נשמה, זאָל זיין אזא קדושה וטהורה? און וויל צו אונדז, וואָס פון אונדזער מיטן איז אזא איינע ארויסגעקומען. און איך זאָג דיר, לייבל, איך וועל מער נישט מחמיר זיין. פון היינט אָן וועל איך נישט מער שאַצן קיין יידישע נשמות. די גמרא איז גערעכט: „כל ישראל בחזקת כשרות הוא״. און איך ברענג דיר אויך אַ טרייסט, לייבל. עס גייען ארום שמועות, אז די מערדער כאַפּן קלעפּ. און נאָך עפּעס זאָגט מען, אז זיי וועלן לאנג ביי אונדז אין שטאָט נישט בלייבן. אפילו, אז זיי האָבן באַקומען אַ שטארקע פּאָרציע פונעם „שותף״, פארן צעפירן זייערע בלוטיקע הענט. דאָס זאָל הייסן, ווייל די שטאָט געהער נאָר צו זיי צייטווייליק.

— וואָס קאָן מיך שוין דאָס אלץ אָנגיין, ר׳ שלמה? מיין וועלט איז שוין אלץ איינס א פארלוירענע. וויפל קלעפּ קאָן דאָס א מענטש אויסהאלטן אין איין לעבן? און דאָס אָן אַן אָפּרו, איינס נאָך דאָס אַנדערע. און עס

איז נאָך נישט דער לעצטער סך־הכל פון מיין לעבן. פאַראַן, אמת, מינוטן, ווען איך אליין פאַרגעס זיך. דעמאָלט איז מיר נאָך ווי ס׳איז אַריבערצו־טראָגן. אָבער דער דאָזיקער צושטאַנד האַלט נישט לאַנג אָן. איך דערמאָן זיך צוריק אין מיין לאַגע. דאַן ווערט מיר אויפסניי ביטער אויף דער נשמה, און איך צאַפּל זיך אין מיין אייגענעם נשמה־פּיין. אין אַזעלכע מאָמענטן פרעג איך זיך, פאַר וועמען און צו וואָס איז מיין ליידן און פּיין?

— א ייד טאָר אזוי נישט טראַכטן, לייבל. נישט פאַר אונדז איז צו פרעגן קשיות. מיר דאַרפן אַלץ אָננעמען פון זיין ליבן נאָמען, באַהבה. ער גיט און נעמט צוריק. מיר זענען נאָר זיין אייביקער פּקדון. אייביק, ווי לאַנג עס דויערט אונדזער לעבן. ווי דער האַר פון אַלדאָס לעבן קאָן ער אונדזער צייט פאַרלענגערן אָדער פאַרקירצן.און דאָס וואָס איז פאַר אים קלאָר, איז פאַר אונדז אומקלאָר, וואָס פאַר אים איז אומבאַגרענעצט, איז פאַר אונדז באַגרענעצט. און ווי קאָנען מיר, באַגרענעצטע, גאָר באַגרייפן דאָס אומבאַ־גרענעצטע? ווי קאָנען מיר פאַרשטאַנדלאָזע משפטן איבערן גרויסן שכל? בלינדע קאָנען נישט משפטן איבער דער גרייס פון דער זון און נישט איבער דער פאַרב פונעם רעגנבויגן, ווי אַ קנאָספּ קאָן נישט פאַרן אויפגעבונדן ווערן פון זיינע שטריק, — וויסן פונעם זוניקן בליק... מיר זענען אין אונדזער אומוויסן ווי פאַרמאַכטע קנאָספּן. און מיר קאָנען נישט באַנעמען דאָס גרויסע ליכט, וואָס פליצט פון די הימלען, אפילו בייטאָג, בפרט אין דער פינצטער־ניש פון דער נאַכט, ווען די וועלט פאַרדעקט דאָס חשכות פונעם טייוול.

— פאַרוואָס־זשע טאַקע, ר׳ שלמה, איז דעם טייוול געגעבן געוואָרן רשות איינצוהילן די וועלט אין אזא חשכות?...

— דאָס איז צוליב אונדזערע זינד און אויך, כדי צו פּרוּוון אונדז. איז דען נישט אברהם געפּרוּווט געוואָרן מיט יצחקן? און אַלע פריערדיקע דורות זענען אין נסיונות געוואָרן געפּרוּווט. אויך איוב איז שווער געפּרוּווט געוואָרן. און די „עשרה הרוגי מלכות" צום שווערסטן, און זיי זענען דעם נסיון ביייגעשטאַנען. און ווייל איז אונדז, וואָס אויך אונדזערע קדושים זענען ביייגעשטאַנען דעם נסיון. און אויך מיר דאַרפן גרייט זיין אויף יעדן נסיון.

*

מרגליות האָט שאַרפער גענומען קאָנצענטרירן זיין אויג און אויער, ווען שלמה שוחט האָט אים דערציילט די לעצטע נייעס. ער האָט געוואָלט

אויפכאַפּן יעדן קלאַנג און באַזונדערע מינע פון שלמהן, ארויסלייענען פון אים די ערנסטקייט און דעם אמת. ער האָט אים דעריבער אינגאַנצן געמומען אַבסערווירן.

איז דאָס אמת? האָבן די געבראַכטע נייעס כאָטש א שטיקל גרונט, איז דאָס נישט קיין אויסגעטראַכטע בבא־מעשה, כדי אים צו טרייסטן און באַרויקן?

אמת, ער איז שוין זינט טעג פון שטוב נישט אַרויס און ער האָט נישט ביי זיך קיין פרייען ראַדיאָ. די דייטשן האָבן אָפּגעשטעלט דעם צו־שטראָם פון ידיעות, אויסער זייערע אייגענע און פון די אָקופּירטע געביטן.

ווייזט אויס, אַז חברה האָט געהיימע פאַרבינדונגען. דעם שוחטס אייגענער בנאָק אליין איז א פאַרקאָכטער רויטער. און ער דערטאַפּט אַלע ידיעות. און דאָך גלייבט ער נישט אין אַלע דריי גוטע מעשיות.

אין די צוויי, אַז זיי כאַפּן קלעפּ און זיי האָבן באַקומען אַ פּאַרציע מוסר פונעם אייגענעם שותף, דעם רויטן קאָזאַק, אַוודאי נישט. אז מען שעמט זיך מיט דער כלה, גייט מען נישט צו דער חופּה...

קענען זיי דען נישט דעם היטלער־טייוול, ווייסן זיי נישט זיין ווערט; טאָ צו וואָס זענען זיי געקראָכן אין דעם געזונדל? איז דער תירוץ: זיי זענען זיך איינער דעם אנדערן ווערט! די גיריקייט נאָך מאַכט, נאָך וועלט־הער־שאַפט, האָט זיי געשטויסן אין די אָרעמס פון אַשמדאי. איז וועלן זיי אים אציגד גיין זאָגן מוסר צוליב עפּעס יידן?...

איוואַן גראָזניס יורשים האָבן זיך פּלוצים דערשראָקן פאַר בלוט? און דאָס, וואָס זיי פאַרגיסן ביי זיך אליין בלוט, איז גאָרנישט?

דאָס איז צוליב א וועלט־אידעע, זאָגט דעם שוחטס זונדל. און וועלכע אידעע איז נישט קיין וועלט אידעע? איז אינקוויזיציע, גזירת ת"ח ות"ט, דער היטלעריזם, סתם שעכטן יידן, נישט קיין וועלט־אידעע פאַר די שוחטים?...

דערלויבט מען זיך נאָר בלוט, איז שוין נישטאָ קיין גרענעץ. נאָר די מעשה מיטן מוסר זעט סתם אויס ווי צוגעפּראַוועט. דאָס דאַרף מיינען, אַז די אָקופּאַציע פון דער שטאָט איז אַ צייטווייליקע, און זיי וועלן איר מוזן פאַרלאָזן. מחמת אין א פרעמדער שטאָט טאָר מען נישט מאָרדן קיין מענטשן. א היתר אויף שחיטה האָט נאָר אַן אייגענער שוחט... אמת, נאָך פאַרן פאַר־

נעמען די שטאָט האָט מען גערעדט, אז די דייטשן איילן זיך נישט איר צו פאַרנעמען, ווייל זיי וועלן איר צוריק דאַרפן איבערגעבן די סאָוויעטן.

נאָר ווער־זשע איז מחויב צו גלייבן אַלץ וואָס מען זאָגט. מאַלע, וואָס מען רעדט אַלץ און פאַרט האָט מרגליות, טראָץ זיין צווייפלען, אָנגענומען די געבראַכטע ידיעות פאַר אַן אָנהאַלט. ער וואָלט פאַר זיך אליין דערין געוואָלט גלייבן, אָננעמען זיי פאַר אַ גרונט און אַרויסגיין פון דער אייגענער פאַר־ווירעניש.

— פונוואַנען נעמט איר די ידיעות, ר׳ שלמה?

— איך האָב זיי געהערט אין גאַס. אויך מיין זונדל באַשטעטיקט זיי. דו ווייסט דאָך, אַז דער אייבערשטער האָט מיך מזכה געווען מיט אַ „הדרל״ אַן אַנטיק. — איך ווייס אַליין נישט פונוואַנען עס נעמט זיך צו מיר אזא פרי. און מען טאָר נישט מתרעם זיין אויף, מסתם דאַרף אַזוי זיין. נאָר דאָס ווייס איך, אַז ער רעדט נישט סתם אין דער וועלט אריין. זיי גרייטן שוין אפילו באַצייטנס פאַר זיי — א קבלת פנים. זאָלן זיך די מערדער דערפון גאָרנישט דערוויסן. עס קאָן ווידער אויסגיין צו אונדזערע קעפּ. זיי האָבן דען א יידישע אחריות, אָט די פושעים? און שלאָג אים, האק אים, און בראָק אים, און וועסט דעם שמד פון אים נישט אַרויסטרייבן. ער איז שוין א פאַר־פאלענע כלי. און טאָמער וואָלסטו געמיינט, אז עס פעלט זיי טענות, — איז זיי נאָך צוגעקומען די דייטשע שחיטות איבער די יידן. זיי דרינגען גאָר דערפון, אז אונדזערע אייגענע אָפּגעזונדערטקייט ברענגט צו אָט די אלע צרות. עס קומט אויס לויט די פושעים, אז ווען מיר וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט פון זיך אליין, — וואָלט מען אונדז מער נישט גערודפט. אוודאי וואָלט מען אונדז מער נישט גערודפט, ווייל ס׳וואָלט נישט געווען וועמען צו רודפן. אַ טויטן שלאָגט מען נישט. — איי דאָס, וואָס דער ימח־שמוניק זוכט אויס דעם ייד ביזן צענטן דור, איז דאָס טאַקע ראסיזם, טענהן זיי. נאָר ביים קאָמוניזם, זאָגן זיי, איז נישט פאראַן נישט קיין ראַסן־אונטערשיד און נישט קיין רעליגיעזער.

— מיר זענען אַ קראנק פאָלק, ר׳ שלמה. און מיר זענען ווי יענער רופא, וואָס אָנשטאָט צו דערשטיקן די ווייטיקן פונעם קראנקן, דערשטיקט ער דעם קראַנקן צוזאַמען מיט די ווייטיקן. צו וואָס זיך מאַטערן מיט יידן־קאָמפּלעקסן, אז מען קאָן זיך גרינג אונטערגעבן דעם שונא און פּטור. אויב

נישט גאָר דער בעסטיע, וואָס פּאַרציקט דיך אינגאנצן, איז כאָטש דעם, וואָס גלעט דיך גוט־ברידעריש איבער דער פּלייצע און רויבט דערוויל ביי דיר צו די נשמה. און קראַנק זענען מיר אַלע. אויך די, וואָס טראָגן שטאָלץ די פאָן, אויב מיר קאָנען זיך נישט איינִיקן ארום איר, אויב מיר צערייסן און צעשפּאַלטן זיך איבער א קיצו של ייד. אונדזערע שונאים זענען לגבי אונדז פאראייניקט, נאָר מיר אליין, דער אָביעקט פון זייער פיין, איז צעקריגט און צעריסן. — — — — — — — — — — — —

קאַפּיטל אַכצן

# די דייטשן גייען אַוועק

טעג גאַנצע זענען שוין אַוועק פון יענער בלוטיקער געשעעניש, ווען די דייטשן האָבן צעשאָסן די יידישע ערובניקעס. דאָס אַלגעמיינע לעבן האָט זיך איינגעשטעלט און נאָרמאַליזירט. אויך דאָס יידישע לעבן האָט זיך, טראָץ דער אָנגעזאַמלטער ביטערקייט, ביסלעכוויז גענומען, בלית ברירה, באַרויקן.

די בלוטיקע שיקאַנעס און רדיפות איבער די יידן אויסער דעם תחום פון דער שטאָט האָבן זיך וואָס ווייטער אלץ מער פארשטאַרקט. נאָר דאָ, אין דער שטאָט גופא, האָבן די דייטשן מער נישט אַדורכגעפירט קיין בלו־טיקע פראָוואָקאַציעס. מען האָט אָבער די מערדער נישט געשענקט קיין צוטרוי. מען האָט געהאלטן, אז דאָס איז בלויז א צייטווייליקע געענדערטע טאַקטיק. די בעסטיע וויל זיך אויסבאַהאַלטן, כדי אַ פאַרטאַיעטע צו מאַכן א שטארקן שפרונג. נאָר אנדערע האָבן יאָ באנומען די געענדערטע לאגע.

די אנדערע זענען געווען מלא שמחה. זיי האָבן זיך געפרייט נישט אזוי איבער די דייטשנס אוועקגיין, ווי איבערן ארייננקום פון דער נייער מאַכט, וואָס גייט אויף פון מזרח, מיטן שאַלנדיקן געזאַנג פון באַפרייונג און דערלייזונג אויף אירע ליפּן.

די קלאַנגען וועגן די דייטשנס אוועקגיין האָבן זיך וואָס אמאָל מער פאַרשטאַרקט. ביז אין א געוויסן טאָג האָט מען פלוצים דערזען אַרומדרייען זיך איבער די הויפּט־גאַסן פון שטאָט הויכע, אויסגעפּוצטע רוסישע מילי־טער־לייט מיט פוטערנע פּאַפּאַכעס אויף די קעפּ און געקאַרבטע קאַווקאַזער מאַנטלען אויף זייער ברייטע געזונטע פלייצעס. האָפערדיקע און פריידיקע,

האָבן זיי מיט שטאָלץ פון זיגער געשפּאַצירט איבער די גאַסן פון דער שטאָט, ווערנדיק באַוווּנדערט פון די איבערגעשראָקענע, אָבער נייגעריקע דורכגייער.

און מענטשן האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז דאָס זענען זיי, די דעלע־גאַטן פון סאָוויעטישן מיליטער, וואָס האָבן זיך שטאַרק געאַמפּערט מיט די דייטשע פאָרשטייער וועגן זייער אוועקגיין און דער צייט פון אוועקגיין. און אַז ס׳האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל, כמעט ערב מלחמה צווישן ביידע שותפים, צוליב דעם דאָזיקן שטאָטישן ראַיאָן. נאָר געזיגט האָבן די סאָוויעטן און די דייטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן.

ס׳איז גענוג געווען די דאָזיקע געשעענִיש, ווי אַ נייער מוט און לעבנס־גייסט זאָל אַריינטרעטן צווישן די פאַרטרויערטע יידן פון שטאָט. כאָטש די דייטשן זענען נאָך נישט אַוועק און זייער מאכט איז נאָך געווען אין פולער קראפט, זענען פונדעסטוועגן די גאסן צוריק געוואָרן באַלעבט פון די יידישע איינוווינער.

די דייטשן האָבן זיך, פון דער צייט זינט עס האָט זיך באַוויזן די סאָ־וויעטישע דעלעגאציע, אָנגעהויבן פאַרהאַלטן בעסער. עס איז אָבער געווען קענטיק, אַז דאָס איז פאַר זיי ווי אַן אַרויפגעצווונגענע אויפפירונג...

זענען זיי אַרומגעגאַנגען, די אויסגעפּראַנטעוועטע עס־עס־לייט, איבער די גאַסן פון דער שטאָט מיט אַזעלכע גזלנישע שטייפע פּנימער, ווי רוצחים גרייט צו מאָרדן וואָלטן פּלוצים באַקומען אַ באַפעל אָפּצושטעלן זייער רציחה.

דער אָפּגרונט פון טיפן האַס און גיריקייט נאָך יידיש בלוט, וואָס איז געוואָרן געגראָבן נאָך באַלד ביים אויפקום פון דער היטלעריסטישער מאַכט, איז נאָך נישט געוואָרן פאַרשאָטן. און דאָס בלוט, סיי פון די לעצטע קרבנות, ווי פון אַלע איבעריקע, איבער דער גאנצער לענג און ברייט פונעם טייוולס הערשאַפט, האָט די יידן זיך נישט געלאָזט פאַרגעסן און באַרויקן.

און טראָץ דער פאַרבעסערונג, וואָס איז איינגעטראָטן אין דער שטאָט ווו די יידן זענען געווען אַ מערהייט און האָבן באַהערשט דעם האנדל און אינדוסטרי, איז דער אָפענער האַנדל נאָך נישט געווען צוריקגעשטעלט, צו־ליב דעם אומצוטרוי וואָס די יידן האָבן אַרויסגעוויזן צו די בלוטיקע אָקו־פּאַנטן, און ס׳איז נישט געווען צוריקגעשטעלט אויך צוליב די נייע ענדע־

רונגען, וואָס האָבן געדארפט אינקורצן אריינטרעטן אין שטאָט, מיטן אריינ־קומען פון די נייע סאָוויעטישע מאַכטהאָבער...

דער סאָוויעטישער אַריינקום האָט צוליבן ווילן פּטור צו ווערן פון די דייטשע קאַניבאַלן דערפרייט די הערצער. ער האָט אָבער גאָר אינגאַנצן אויך זיך נישט געלאָזט באַרויקן. — ס'איז געווען באקאנט, וואָס די נייע אָרדענונג וועט מיט זיך ברענגען. בפרט פאַר מענטשן, וואָס האָבן גאָר־וואָס אדורכגעמאכט דעם דייטשן גרויל, און זוכן שוין איצט א וועג פאר דער־לייכטערונג און נאָרמאַליזירונג. און עס האָט אויך געשראָקן די צעטרייסלונג פון די אלטע יידישע יסודות, וואָס זיי וועלן אַרויסרופן.

די גרוסן, וואָס זענען געקומען פון דער „אויפגייענדיקער זון" פון מזרח, — האָבן נישט געקאָנט דערפרייען. די יידן, וואָס וועלן ראַטעווען זייער גוף, וועלן אַרונטערפאַלן אונטער דער סכנה, וואָס עס וועט דראָען זייער גייסט.

און פאָרט האָבן זיך די יידן פון דער בשורה דערפילט האָפער־דיקער און האָבן זיך נאָך אַ לענגערער צייט אָנגעהויבן צונויפקומען. די צייט שטייט נישט אויף קיין אָרט און עס האָבן זיך דערנענטערט די לעצטע טעג פון די דייטשנס אוועקגיין.

ווי אויפשטורעמדיקע כוואַליעס, וואָס צערודערן די וואסערן פון ים, האָט די דאָזיקע, שוין אַצינד זיכערע ידיעה, אויפגעשטורעמט די יידישע הערצער און אויפגערודערט זייערע שווערע געמיטער. האַסטיקער האָבן זייערע הערצער גענומען קלאַפּן און זיי האָבן מיט אַן אומגעדולדיקער דער־ווארטונג שוין אויסגעקוקט די מינוט פון די דייטשנס אַוועקגיין.

*

ביי פינקעלשטיינען אין הויז איז נאָך אַ לענגערן איבערייס פאָרגע־קומען דער באַנייטער צוזאמענטרעף. עס זענען געווען אַ טייל מיטגלידער פון אינטעלעקטואַלן־קלוב. אויך מרגליות, ווערנדיק אַריינגעצויגן אינעם שטראָם פון די נייע געשעענישן, האָט איבערגעריסן זיין איינזאַמקייט און איז אַהערגעקומען.

דער צוזאַמענטרעף איז געווען א שטילער. מען האָט נאָך נישט גע־וואָלט געטרויען די דייטשן, אפילו אין די לעצטע טעג פון זייער אוועקגיין. איז דער מיינונגס־אויסטויש געווען א פרייער, אָבער א זאַכלעך־איינגעהאל־

טענער. דער גאַסטגעבער, אַ מאַן אין די דרייסיקער, מיט אַרויפגעקעמטע בלאָנדע לאָקן און בלאָע אויגן, וואָס האָבן „געגלעט” מיט זייער ווייכקייט, ווי הימלישער סאַמעט־בלאָ, האָט גערעדט וועגן אַריינקום פון די סאָוויעטן.

גערליץ האָט באַהאַנדלט די יידישע זייט פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק ; און בלינדעס האָט באַרירט אַלגעמיינע פראַגן.

— אין דער פּראַקטיק, חברים, איז אונדז אָבער נישט קיין חילוק, — האָט מרגליות שטיל דערווידערט גערליצעס געדאַנקען, — צי די סאָוויעטיש־יידישע פּאָליטיק פליסט אַרויס פון דער אַלגעמיינער טעאָריע און פּראַקטיק, צי זי איז אַ ספּעציעל געשאַפענע פאַר יידן. דאָס איז נאָר די מאָראַלישע זייט פון דער פראַגע. פאַר אונדז איז אָבער גענוג, אַז אין רעזולטאַט פון איר פּאָליטיק פאַרדרענגט זי אונדז ווי אַ פאָלק. זי צערייבט אונדז אונטער די מילשטיינער פון איר סאָוויעטישן אימפּעריאַלים, אייגנטלעך אַלט־נייעם רוסישן. און די פראַגע שטייט אָט ווי אַזוי : יעדער נייער נאַציאָנאַלער צי אימפּעריאַליסטישער סיסטעם, וואָס דערלאָזט נישט די פרייע אַנטוויקלונג פון אַ צווייט פאָלק, אָדער עטנישער גרופּע, איז אַן אַנטי־מענטשלעכער סיסטעם. און ס׳וועט נישט העלפן מיט וואָס פאַר א פעדערן די דאָזיקע מאַכט וועט זיך פּוצן. ווייל ס׳איז פאראן נאָר איין הללס כלל — אָנגעווענדעט אויפן יחיד און אויפן רבים, — וואָס זאָגט : וואָס דיר, דיין פאָלק, אָדער מלוכה, איז נישט צום האַרצן, טו דאָס אויך נישט דעם צווייטן פאָלק, מלוכה אָדער גרופּע.

— אָבער זי רודפט דאָך נישט דעם ייד מער ווי אַלע איבעריקע, — האָט גערליץ פון זיין אָרט זיך אָפּגערופן.

— איז, ערשטנס, קאָלעגע גערליץ, וואָלט אונדז גאָרנישט געוואָרן גרינגער, אפילו ווען זי וואָלט אויך אנדערע מינדערהייטן גערודפט. און צווייטנס, וואָלט אַ באמת יושרדיקע מאַכט, בפרט אזא „וועלט־דערלייזערי־שע” ווי זי וויל אָנגיין, געדאַרפט באַזונדער נעמען אין אַכט אונדזערע ספּע־ציפישע באַדינגונגען ווי א פאָלק, פונקט אזוי ווי מען נעמט אין אַכט די שווערע באַדינגונגען פון אַ שוואַכערן נאַטור־מין, כדי אים צו שיצן און באוואָרענען פון אונטערגאנג. אָבער נישט נאָר זי שיצט אונדז נישט, נאָר רודפט אונדז נאָך. ווייל אין דער אמתן ווערן מיר שוין, ווי יידן, יאָ גערודפט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אויב מען לאָזט אונדז נישט פלעגן אונדזערע נאַ־

ציאָנאַלע געפילן און גייסטיק זיך פריי אַנטוויקלען, טאָ ווי זאָלן מיר דאָס אָנרופן? שטעלט זיך דען די יידישע רעליגיע אָפּ בלויז ביי גאָט בעטן, אַז מיר זאָלן זיך בלויז דערמיט באַגנוגענען? איז זי דען נישט אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע קאָנצעפּציע, מיט אַ פּאָלקישן שטייגער און עטישער ציוויליזאַציע? און מען קאָן דאָס יידישע נישט אָפּטיילן פונעם מענטשלעכן, ווי מען קאָן דאָס מענטשלעכע נישט אָפּטיילן פונעם יידישן. די גרענעצן זענען אויסגעמישט. מיר וויסן נישט ווי איינס ענדיקט זיך און דאָס צווייטע הייבט זיך אָן. די פאָרם פונעם ייד, דאָס נאַציאָנאַלע, איז ענג געבונדן מיט זיין אינהאַלט, מיטן מענטשלעכן. רודפט מען איינס, רודפט מען שוין אויך דאָס צווייטע. אין די קאַנאַלן פון דער יידישער געשיכטע זענען אַ סך יידן־פיינט פאַרצייכנט. אָבער אַ טייל פון זיי האָבן גאָרנישט געלויערט אויפן יידישן גוף, פאַרקערט, זיי האָבן די יידן אין זייערע לענדער געגעבן די בעסטע מעגלעכקייטן צו לעבן ווי פרייע בירגער. און דאָך זענען זיי ווי שונאי ישראלים געוואָרן פאַרשריבן, ווייל זיי האָבן געוואָלט שעדיקן אונדזער גייסט, בלויז דעם יידישן גייסט, און דאָס איז גענוג אויף אַריינצוגיין אין דער געשיכטע נישט נאָר ווי יידן־פיינט, נאָר אויך ווי טיראַנען און מענטשן־פיינט בכלל.

— זאָלן מיר זיך דעריבער, לייבל, מיט דער גאַנצער וועלט צעקריגן?
— האָט פינקעלשטיין געפרעגט.

— דאָס, זעט איר, איז שוין אַ פראַגע פון טאַקטיק און דיפּלאָמאַטיע. און אין אַ נויט קלויבט מען אויס דאָס קלענערע שלעכטס. אָבער שלום מאַכן דערמיט און נאָך מאַכן פון נאַציאָנאַלן שלעכטס אַ טוגנט, דאָס איז שוין, מיינע טייערע, זעלבסט־נאַרעריי און נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד. און אין דעם טאַקע באַשטייט אונדזער טראַגעדיע, וואָס מיר זענען ארומגערינגלט מיט אַזויפיל שונאים, מיט אַזויפיל שלעכטס, אז ווען איינער פאַגראָמירט אונדז נאָר נישט, און מעג ער אפילו אונדז ווייטאָן אויף אַן אנדער אופן, ווערט ער שוין פאַרעכנט פאַר ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צדיק, און יידן אליין זינגען אים תהילות ותשבחות.

— און ווי דאַרף זיין, לויט דיין מיינונג, דער אויסוועג פון דער יידישער לאַגע? — האָט בלינדעס געפרעגט.

— דעם אויסוועג זע איך אין צוויי ריכטונגען, וואָס זאָלן גיין האַנט־

ביי־האַנט. אין איינער: מיר זאָלן אויפהערן צו זיין אַן אָביעקט ביי דער וועלט און ווערן פאַר זיך אליין א סוביעקט, א בעל־הבית איבער זיך אליין, איבערן אייגענעם גורל. און כדי מיר זאָלן קאָנען זיין א בעל־הבית איבער זיך אַליין און מען זאָל אונדז די הערשאַפט איבערן אייגענעם גורל ווידער פון דער האַנט נישט אַרויסשלאָגן, מוזן מיר ווערן שטאַרק, שטאַרק אויף אַלע געביטן... און אין דער צווייטער: אין דער פאַרשווינדונג פון אַלמענטש־לעכן שלעכטס, פון סאָציאַלן, נאַציאָנאלן און צווישננאַציאָנאַלן.

— אָבער דאָס שלעכטס, לייבל, נעמט זיך דאָך בכלל פונעם ווילן צו מאַכט, — האָט בלינדעס דערווידערט.

— עס איז אמת. די תאווה צו מאַכט איז דאָס גרעסטע שלעכטס פונעם מענטש. מאַכט איז דער פאַרשיכורנדיקער אָפּיום, וואָס פאַרדרייט יעדן איינעם דעם קאָפּ. שוין אונדזערע אָבות, א גרויסער טייל פון די פּרושים, האָבן די מאַכט געוואָלט פארקלענערן ביז א מינימום. הגם פאַר אונדזער היינטיקן לעבן, — איז עס אפשר געווען אַ פעלער. אויפן אָרט פון דער פּי־זישער מאַכט, האָבן זיי אויסגעבויט די מאַכט פון גייסט. רבי יוחנן בן זכאי האָט נאָכן חורבן פון צווייטן בית־המקדש נישט געזאָרגט פאַר אַ ירושלים של מטה, נאָר פאַר א ירושלים של מעלה, דער פאַרטיפונג פונעם נאַציאָ־נאַל־גייסטיקן „איד”. — און ס'איז אויך באקאנט די תלמודישע איינשטע־לונג צו בר־כוכבאן, דעם פירער פונעם גרעסטן אויפשטאַנד ביי יידן. אָבער דאַן, אינעם פינצטערן אַלטערטום, האָט בבל און רוים נישט געלויערט באַ־זונדער אויפן יידישן גוף און נישט באַזונדער אויף זיין נשמה. נאָכן צונעמען ביי די יידן זייער לאַנד, האָבן זיי די יידן נישט געשטערט אין זייער נאַציאָ־נאַל־גייסטיקער אנטוויקלונג. נאָר היינט, דווקא, אינעם יאָרהונדערט פון קולטור און פּראָגרעס, לויערן פון אַלע זייטן אויף אונדז געפאַרן, אפילו אויף אונדזער פשוטער עקזיסטענץ. איז דעריבער דאָס ביסל מאַכט, וואָס מיר פאַרלאַנגען פאַר זיך, נאָר אַ צוואַנגס־נויטווענדיקייט, כדי זיך אליין צו דערהאַלטן און שיצן.

*

דער טאָג איז געווען אַ האַרבסטיקער, אָבער גענוג שיינער און קלאָ־רער. די זון האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט ווארטן. ווי אַן אויסגערוטע און אויסגעוואשענע פונעם קילן מאָרגן־טוי, האָט זי א פריש־באַנייטע מיט

איר פולער קראַפט אַרומגענומען דעם טאָג מיט א מילדער וואַרעמקייט. ווייסע פעדים ווי אָנגעבלאָזענע וואטע האָבן זיך געשלענגלט אין דער לופט, איינזויגנדיק אין זיך די העלקייט פונעם האַרבסט־טאָג.

פייגל האָבן אינעם ליכט־פלייץ זייער שירה אַרייגגעזונגען. געלע זשוואָווע וועוויערקעלעך האָבן זייער פרייד אויסגעטאַנצט, שפרינגענדיק צווישן די שלאַנקע סאָסנעס. אויך דער איבעריקער באַשטאנד איז געווען פול מיט לעבנס־פרייד.

אַ פריידיקער געשריי האָט מרגליותן אויפגעריסן פון שלאָף. „זיי גייען אַוועק! זיי גייען אַוועק!", האָט ער ווי פון אַ חלום אַרויסגעהערט. ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן און איז צו צום פענצטער.

יידן האָבן ווי צו א יום־טוב געשטראָמט אין דער ריכטונג צום מאַרק. שלמה שוחט האָט אים צוזאַמען מיטן „גוט־מאָרגן" אויך די בשורה אָנגעזאָגט: אַז די דייטשע לעצטע טרופן שטייען שוין אין מאַרק גרייט אָפּ־צומאַרשירן.

— פון איין סכנה, א גרויסער סכנה, זענען דערוויייל דאָ די יידן אַרויס, האָט ער געטראַכט. נאָר ווער ווייסט אויף ווי לאנג? א מלחמה, ווייסט מען נאָר ווען זי הייבט זיך אָן, אָבער נישט ווען זי ענדיקט זיך. און ס׳איז נאָך נישט דער סוף פון דער מלחמה און פונעם שלעכטס.

און וואָס קאָן עס אים ווידער אָנגיין? וועט מען אים צוריקגעבן זיינע פאַרלוסטן, זיי מחיה מתים זיין? זיין גורל איז שוין סיווויי אויסגעשפילט. זיינע ליידן זענען אָבער די ליידן פונעם ייד. און דעם יידס ליידן זענען די ליידן פונעם פאָלק. ס׳איז איין זאַך. און ער וועט מוזן זיין טרייסט און זיינע כוחות שעפּן פון די קוואַלן פונעם פאָלק. — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

## פון דעם זעלבן מחבר:

„דריי יאָר אין פּוילישן מיליטער" (מעמואַרן)

פאַרלאַג „פּרוזשאַנסקי", ביאַליסטאָק, 1930

„אין און אַרום ציוניזם" (עסייען)

פאַרלאַג „פּרוזשאַנסקי", ביאַליסטאָק, 1932

„פון אייגענעם גאָרטן" (אַפאָריזמען און לידער)

פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1949

„אויף די וועגן פונעם יידישן קיום" (עסייען)

פאַרלאַג „צעראַטאַ", פּאַריז, 1950

„לאַבירינטן פון געדאַנק" (אַפאָריזמען)

פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1951

„פאָלק, גייסט און לאַנד" (עסייען)

פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1952

„צו אַ ניי לעבן" (דערציילונגען)

פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1953

„לעבן און טראַכטן" (עסייען)

פאַרלאַג „בידערמאַן", ניו־יאָרק, 1957

„דער גורל פונעם ייד"

פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1960

אין דרוק:

„אונטער די סאָוויעטישע הימלען" (באַשרייבונגען)

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, רח' אלנבי 31, 1961

## תיקון טעות

אין מיין לעצטן בוך „לעבן און טראַכטן", וואו אויף זייט 156 ווערט דער זאַג „לוקוס, לוקוס" צוגעשריבן צו הילני המלכה, דאַרף זיין: מרים בת בלגה.

## אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ-לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין גערנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל-דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פּרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווייַ און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | גערענגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פּאָרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |

| | |
|---|---|
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. ווייסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן (נאָוועלע) |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער (עסייען) |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף־יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון — פּאָעמע |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירג. יוצאי בורשצ׳יב | ספר באָרשטשיוו |
| מנור א. | 40 יאָר הסתדרות |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |

## אין עברית:

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| י. לשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פאט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. ברלנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות |
| נ. חנין | ברלה |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| אפרים אויערבך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |